# מַאטְקֶע חַבּ״ד



אָדֶער

# ווִיטְצֶע איבֶּער ווִיטְצֶע

## נַייֶענְצִיג שֵׁיינֶע ווִיטְצֶען

## אִין ַריין שְׁזַארְגָאן

הֶערוּים גִינֶעבִּין

פֿאָהן

## מ. י. לֶעווִיטַאן.

# ווִילְנָא

שנת תּרנ״ב לפ״ק

Дозволено цензурою 18 мая 1892 года—Вильна.

# МОТКЕ-ХАБАДЪ.

или

Анекдоты изъ еврейскаго быта.

Собран. и издан. М. Я. Левитаномъ.

ВИЛЬНА.
Въ тип. А. Г. Розенкранца и М. Шриftзетцера.
Лидскій переулокъ домъ № 2598/13.
1892.

# פאררעדע.

שאהן בײנאהע אשטונדע צײט, וויא איך זיטץ אונ האלט דיא פעדער אין האנד, אונ קלעהר, וואס שרײבט מען דא אין פאררעדע? נאהר קלעהר הײנט, קלעהר מארגען – עס וועט זיך גאר נישט אויס קלעהרען, אונ צוא אלע צרות האט זיך נאך דיא פעדער שטארק פאר עקשנט אונ וויל גראד יעצט בשום אופן נישט אן הײבען צו שרײבען, זיא שפריצט אונ קלעקט, דריגעט מיט דיא פיס אונ רײסט אין פאפיער, האטש נעהם אונ טוה זיך אמעשה אן... אי אפשר וועט זײן כשר אן אפאררעדע אויך? נאהר נײן! עס וועט עפעס אויס קומען נישט פוינעלדיג... נישט האבען דעם חן... עס וועט האבען אפנים, וויא א הײנטיגער בראנט אן פאנסנע... אדער, וויא אפריילין אן אקאוואליער...

הערט איהר! איך זאהל אזוי נישט ווייסען פון קײן בײזע פאקין, וויא איך ווײס ניט, וואס הײבט מען דא אן צוא שרײבען – נאהר שא! געפאלען אויף אפלאן! איהר מוזט דאך געוויס וועלין ווייסען, נאך וואס האב איך דאס א נאמען געגעבען „מאטקא חב״ד“ – ווייל, פערשטײט איהר, איך האלט מיר שטענדיג אין דעם רוססישען ווערטיל: „טאוואר ליצאם פראדאיאטסיא!“

איך רעכין, אז דיא עטליכע שורות, וועלכע איך האב שוין דא אזוי רײדענדיג אנגעשריבען, וועלין שוין קענען דינען דיא לעזער אנשטאדט אפאררעדע אונ זײא וועלין גאר מעהר ניט פערלאנגען פונעם

פערפאסער.

## 1.

## אשניידער אלמדן.

אשניידערשער יונג האט שבועות צוא קידוש געזאגט „זמן חרותנו". גראבער יונג איינער! — האט אויף אים דער בעל הבית אנגעשריען — מילא פסח זאגט מען „זמן חרותנו" עסט מען דאך חרוסת, אבער וואס איז היינט פאר אחרותנו אויף דיין משוגעגע קאפף?

## 2) אריכטיגער ווארט.

מאטיל איז אמאהל אריין געקומען צוא אווילנער גביר; גייענדיג צוריק, האט ער זיך אויס געגלימשט אונ איז אראפ געפאלין פאהן אלע טרעפף; מען איז מסתמא ארויסגעלאפין פאהן שטוב זעהן, וואס האט דאס דא אזא קלאפ געטאהן, זעהן זייא, אז מאטיל שטייט אונטערין טרעפף; וואס איז דאס דא געוועזן? פרעגין זייא בייא איהם, — גאהר נישט! גאהר נישט! — האט ער זייא גיענטפערט, — מיין פוטער איז אראפ געפאלען פאהן דיא טרעפף; אונ וואס האט דא אזא קלאפ געטאהן? פרעגין זייא בייא איהם; פערשטייט איר — האט ער זייא גיענטפערט, — וויל איך בין געלעגען אין פוטער.

## 3) דער גרויסער שארפזיניגער.

אמיידיל איז געקומען צום חסידישען רבין מיט אשאלה, דאס מען האט אריין גישטעקט אמילכיגע לעפיל אין אפליישיגען טעפפל. דער רבי האט ארויף גערוקט דיא היטעל ביז פאמיליצע אונ האט אנגעפאנגען אזא דיספוט: „אמילכיגע לעפיל אין אמילכיגען טעפיל, אפילו מען זאהל אריין שטעקן, איז דאך אויך כשר; אמילכיגע לעפיל

לעפּיל אין אַפּליישׁינגען מאַפּיל, אַז מען זאָהל נים אַריין שטעקען איז דאָך אויך כשר; אַפּליישׁינגע לעפּיל אין אַפּליישׁינגען טעפּיל, אַפילו מען זאָהל אַריין שטעקען איז דאָך אויך כשר; אַפּליישׁינגע לעפּיל אין אמילכינגען טעפּיל, אַז מען נאָהל נים אַריין שטעקען, איז דאָך אויך כשר; נוא! באַכט זיך, אַז דיא גאַנצע תורה אונ דיא גאַנצע לומדות האָב איך דיר שוין דאָ אויס געריבּעט, נאָהר דאָס האָט דאָ בּייא דיר גיטראָפען, אַז מען האָט אַריין געשטעקט אמילכינגע לעפּיל אין אַפּליישׁינגען טעפּיל, דאָס וועט שוין דער מתנגדשער רב אויך וויסען".

## 4) אויסען הוים.

אייגער איז אַריין צום צנויישען, אונ האָט אירם געפונגען וויא ער שיילט אַ הערינג, „אום גאָטעס ווילען! — האָט זיך דער ערשטער אָפּ געריפען — פּער שליסט וואָס גיבער דיא טיהר, דען אַלס איהר וועט אירם ענרינגען שיילען, וועט ער אויסען הוים אַנטלויפען".

## 5) אַווילדהער למדן.

בּייא אַשניידער — וועלכער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַגרויסען למדן — איז געפרעגט געוואָהרען: וואָס איז דער טייטש „משליך קרחו כפתים" וואָס ווייסט איהר דאָ נים — האָט דער שניידער געענטפערט מיט נאַוה: „משליך איז זיך משליך, אונ קרחו איז — כפתים".

## 6) אַנרייז אין דער תורה.

גראָבּע יונגען האָבּען זיך אַמאָהל איזבונטעוועט: „וואָס איז דאָס עפּעס! — האָבּען זייא געזאָגט — מיר האָבּען אין שוהל קיין שום צורה ניכט, דיא בּעסטע עליות, אונ דיא שענסטע כּבודים, גיט מען אוועק דעם למדן, אָדער דעם גביר, אונ אונז רעכינט מען גאָהר פאַר קיין מענשׁען נים"; זייא האָבּען זיך אַלזאָ בּעשלאָסען, אַז

אַז זַייא זָאהלֶען זִיךְ מאַכֶען, גָאהר אַבְּעזוּנְדֶערֶע שׁוּהל, אוּנ דֶער פאַר וֶועט זִיךְ בַּייא זַייא אִין שׁוּהל קֵיין לַמְדָן נִיט מָארֶען אַיינְגֶעפִינֶען; וַיְהִי הַיּוֹם הָאט זַייעֶר „קוֹרֵא" גֶעפוּנֶען אַרַייז אִין דֶער תּוֹרָה, וָואס אִיז: „לְכַבֵּד" דַארְף שְׁטֵיין — זָאגְט דֶער קוֹרֵא — מִיט אַ כ״ף, אוּנ עֶס שְׁטֵייט נָאר מִיט אַ „חֵית" — וֶוען אַזוֹיא הָאבֶּען זִיךְ דִיא חֶבְרָה אָפּ גֶערוּפֶען — אַז דוּא בִּיזְט שׁוֹין אַזאַ לַמְדָן צוּא הָאבֶּען אַזאַ גְרַייז, מֵאהֶרְסְט דוּא זִיךְ בַּייא אוּנְז עֶט אַיינְגֶעפִינֶען".

## 7) אַ שַׁבָּת.

אַיינֶער הָאט אַמָאהל גֶעזָאגְט צוּא נָאךְ אַיינֶעם: דוּא שְׁפִּיעל זִיךְ נִיט מִיט יֶענֶעם, אַ סְפָאס עֶר! עֶר אִיז פָאהן דִיא וָואס דִיא גְמָרָא זָאגְט אוֹיף זַייא: „מְלֵאִים מִצְוֹת כָּרִמּוֹן".

## 8) דֶער סֵדֶר.

אַפַּארְצַייטִיגֶער יְשׁוּבְנִיק הָאט נִיט גֶעוואוּסְט, וִויא אָפּ צוּא רִיכְטֶען דֶעם סֵדֶר, אוּנ הָאט דַארוּם גֶעשִׁיקְט זַיין וַוייבּ, זִיא זָאהל גַיין בַּיין שְׁכֵן אוּנְטֶערִין פֶּענְסְטֶער, אוּנ זֶעהֶן וִויא עֶר טוּט, אוּנ זִיא זָאל אִיהְם נָאכְהֶער אִיבֶּער גֶעבֶּין וִויא אוּנ וָואס; דִיא וַוייבּ אִיז אַוֶועק צוּם שְׁכֵן אוּנְטֶערִין פֶּענְסְטֶער, אוּנ הָאט גִיזֶעהֶן וִויא עֶר שְׁלָאגְט שְׁרֶעקְלִיךְ זַיין וַוייבּ — זִיא אִיז אַוֶועק אַהֵיים אִין הַיילֶע שְׁרֶעק, דֶען זִיא הָאט גֶעמֵיינְט, אַז אַזוֹיא נִיט מֶען דָאס אָפּ דֶעם סֵדֶר; נוּא מַיין וַוייבּ — פְרֶעגְט אִיהְר דֶער מַאן — אַלְם זִיא אִיז שׁוֹין צוּרִיק גֶעקוּמֶען — וָואס הָאסְט דוּא דָארְטִין גֶעזֶעהֶן? זִיא שְׁוַוייגְט אָבֶּער אוּנ הָאט מוֹרָא אוֹים צוּא זָאגֶען; דָא אִיז דֶער יְשׁוּבְנִיק גֶעוָואהְרֶע שְׁטַארְק אִין כַּעַס, אוּנ הָאט אִיר דֶער לַאנְגְט אַפָּאר גוּטֶע פֶּעטְשׁ: נוּא אַז דוּא וַוייסְט שׁוֹין — הָאט זִיךְ דִיא יְשׁוּבְנִיצֶע אָפּ גֶערוּפֶען וַוייגֶענְדִיג — טָא וָואס פְרֶעגְסְטוּ?

אקלונער

## 9) אַקלוּגער וָוארט.

מָאטיל הָאט גֶעגֶעסֶען בַּייא אַ גְבִיר 5 רוֹבּל אוּנ דֶער פָאר וָועט ער אַראפּ שְׁלֶעפֶּען דִיא זוּן; דֶער גְבִיר הָאט אִיהְם בַּאלְד גֶעגֶעבֶּען דאס גֶעלְד, הָאט מָאטִיל גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל אִיהְם בְּרֵיינְגֶע: אַטִישֶׁעל מִיט אַקָאטְשָׁערֶע, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אַרוֹיף גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיפֶען טִישׁ אוּנ הָאט אוֹיפְגֶעהֵייבֶּען דִיא קָאטְשֶׁערֶע אִין דֶער הוֹיךְ, אוּנ הָאט גֶעקוּקְט אוֹיפֶען הִימֶעל, אוּנ אַלְס דֶער גְבִיר הָאט אִים גִיפְרֶעגְט, וָואהָדוּם עֶר שְׁלֶעפְּט שׁוֹין נִיט אַראפּ דִיא זוּן, הָאט עֶר אִים גִיעֶנְטְפֶערְט: „זַיינְט אַזוֹיא גוּט, וַוארְט אִיךְ דִיא קָאטְשֶׁערֶע, אוּנ צֶעפֶּעט נָאהֶר אָן, אָן דִיא זוּן, אוּנ אִיךְ וָועל שׁוֹין נָאכְהֶער אַרַאפּ צִיהֶען".

## 10) דֶער גְרַאף מִיטֶען דִינֶער.

דֶער גְרַאף ב. הָאט אַמָאהְל פֶער זַאגְט זַיין דִינֶער, אַז עֶר זָאהְל אִיהְם אוֹיף וָועקֶען 5 אוּהְר צוּא מִיטָאג; זֵייעֶר גוּט — הָאט דֶער דִינֶער אִיהְם גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיהְר וָועט אַזוֹ גוּט זַיין דַאן אָנְקְלִינְגֶען וָועל אִיךְ שׁוֹין אַרַיין קוּמֶען, אוּנ אִיךְ אוֹיף וָועקֶען".

## 11) דִיא חַלָה.

דִיא פַּרְנָסֵי־חֳדָשִׁים, הָאבֶּען אַמָאהְל גֶעשִׁיקְט דֶעם „מְשָׁרֵת־הַקָהָל" אַז עֶר זָאהְל אַרַאפּ גֶעמֶען בַּייא מָאטְלֶען דִיא שַׁבָּת־לֵייכְטֶער — פַאר אַ אָבְּצָאהְלוּנְג, וָועלְכֶע מָאטִיל הָאט נִיט גֶעהַאט אוֹיף צוּא בֶּעצָאהְלֶען — מָאטִיל הָאט גֶעקוֹיפְט אַחַלָה אוּנ הָאט דָאס גְלֵייךְ אַוֶועק גֶעטְרָאגֶען אִין קָהָל־שְׁטִיבֶּעל, וואו זֵייא זַייעֶן אַלֶע גֶעזֶעסֶען אַרוּם אַטִישׁ אוּנ הָאט זֵייא דֶער לַאנְגְט דִיא חַלָה — וָואס אִיז דָאס, מָאטִיל? פְרֶעגֶען זֵייא בַּייא אִיהְם — פֶער שְׁטֵייט אִיהְר מִיךְ — הָאט עֶר זֵייא גִיעֶנְטְפֶערְט — בַּייא מִיר אִין שְׁטוּב, גֶעמְט אַלֶע שַׁבָּת

אראפ

אַראָפּ דיא לײַכטער, דער סטאַראָזש-פּאַהן הויף, גיב איך איין אַ „המוציא חלה“ אָבער פֿאַר אַזױא פֿיעל קטרעזער ... װאס װע דאס זײַנעצנען אײן „המוציא“? דאַרום האָב איך אײך דא געבראַכט אַגאַנצע חלה“.

## 12) ערשטע פראַגע.

װאַהרום טאָהר אַ אַלטע יודענע קײן פֿעטע זופּ ניט עסען?
ענטפֿער: װײל זיא װעט מײנען, אַז דער מלאך המות גײט צו איהר*)

## 13) צװײטע פראַגע.

פֿאַר װאס קומט שױן ניט משיח?
ענט.: װײל דיא יודען אַלײן לײגען אַלס אָפּ אױף שפּעטער, דהיינו פּסח צום סדר זאָגען מיר: „לשנה הבאה בירושלים!“ ד.ה. אַ איבער אַיאָהר פּסח זאָהל שױן קומען משיח, אונ נאָכהער אַ אַ האַלב יאָהר אַרום צוא נעילה זאָגען מיר װײטער: „לשנה הבאה בירושלים“ לײגען מיר שױן װײטער אָפּ אױף אַיאָהר, אונ צו גײן עס װײטער אונ װײטער.

## 14) דריטע פראַגע.

װאַהרום רעדט מען בײא יודען אשידוך אום שבת?
ענט.: װײל עס איז ניט קײן קשר של קיימא.

## 15) פֿיערטע פראַגע.

װען פֿיהלט אַ אַלטער מאַנן — װאס האט שױן קײן אײן צאַהן אין מױל ניט — צאַהן שמערצען?
ענט.: װען אַ הונד ניט איהם אַבּיס.

---

*) דען דיא גמרא זאָגט אַז דער מלאך המות איז פֿול מיט אױגען.

## 16) פינפטע פראגע.

פאהן וואנען ווייס מען אז קרח מיט זיין פוויטע ווינען געוועזען חסידים ?

ווייל עס שטייט אין פסוק: „רב לכם בני לוי".

## 17) זעקסטע פראגע.

וואהרום זאגין מיר אום סוכות: זמן שמחתנו ?

ענט.: ווייל דיא ווייבער זיינען ביין טיש ניט דא.

## 18) זיבעטע פראגע.

וואס איז דאס, וואס אלע ווינשען זיך דאס, אונ אז מען קריגט דאס, איז מען העכסט אונצופרידען ?

ענט.: אלטע יאהרען.

## 19) אכטע פראגע.

פאהן וואס פאר אמלחמה זיינען אוים געהרגט געוואהרען ריכטיג אפערטיל וועלט ?

ענט.: פאהן קין מיט הבל'ען.

## 20) נייענטע פראגע.

וואהרום פאר היינגט מען דיא כלה, דיא צורה אונטערין חופה ?

ענט.: כדי זיא זאהל נישט זעהן וויא מען קוילעט איהר.

## 21) צעהנטע פראגע.

וועלכע יודען עסען אבר מן החי ?

ענט.: דיא וואכערניקעס.

## 22) דער רב מיטען ישובניק.

אישובניק איז געקומען צום רב פרעגין, אויב ער מעג מאכין ביער

ביער אויף פסח? ניין! מען טאהר ניט – האט איהם דער רב גיענטפערט: איך פערשטייא דאס גאהר ניט – האט זיך דער ישובניק אפ גערופען – דאכט זיך איך האב אלע כלים דער צוא גייע, טא וואו שטייט דאס, אז מען טאהר ניט? אין דער הגדה שטייט דאך – האט אים דער רב גיענטפערט, אז „אלע ביער חמץ“ – „על ביעור חמץ“.

## 23) רייבט אונ שוויינט.

מאטיל האט אמאהל גענומען אפרוש אויף וועטשערע ער האט זיך איהם גיהייסען גיין וואשען, אונ אלס דער פרוש האט זיך גנזעצט בײַן טיש, האט איהם מאטיל דער לאנגט א קעסטיל שוועבעלאך, זאגענדיג דאביא צוא איהם: „רייבט אונ שוויינט“!

## 24) אחכמה פון אחכם.

צוא ר' אמ״ד האט זיך איינגעגאנאדזעט אבעטער – וואס בעט אויף חתונות – אונ וייל ער האט גוט געוואוסט אז ר' אמ״ד וועט אויף חתונה ניט גיין, פלעגט ער איהם דוקא בעטין, אויף אלע חתונות, נודר אום צו בעקומען ביא איהם עטליכע קאפיקעס פאר׳ן בעטין, ר' א״מ האט זיך אבער אעצה גיגעבין וויא פון איהם פטור צוא ווערען, דען אלס ער איז אמאהל געקומען צוא איהם, איהם פעטין אויף אחתונה, האט ער איהם גיגעבין אגילדען, אונ בעט ביא איהם אוים גאב, „איך האב ניט“ – זאגט דער בעטער צוא איהם – נוא טא גייט אונ פייט אפ, – האט איהם ר' א״מ געהייסען – דער בעטער איז ארוים, אונ איז שוין מעהר צוא איהם ניט געקומען.

## 25) שמעריל אונ פייטיל.

שמעריל: וואס איז דיא מעשה מיט דיר פייטיל, וואס דוא זאגסט ניט „חדש ימינו כקדם“?

פייטיל: אַי! וואָס פאַר אַנאַר דוא בינסט; פריער בין איך בעוועזן אַמאָל פיהרער, אונ יעצט בין איך אַיוד אַגניד, אונ אַ גבאי אין שוהל.

## 26) אַוואָרט פאָהן אַבעטער.

אַבעטער האָט דער לאַנגט איינעם אַגניד פיער תּהנה־קאַרטעס אויף איין מאָהל; „אויף וועלכע זאָהל איך פריער גיין?" — פרעגט איהם דער גניד — גייט אויף אַלע פיער!" — האָט איהם דער בעטער געענטפערט.

## 27) דער געטין ביין רב.

אַגעוויסער סוחר משה געמין האָט געהאַט אַדין תּורה מיט נאָך איינינע סוחרים, אונ וויא דער שטיינער איז פאָהן אונזערע יודען, האָבען זיך דיא בעלי דינים צוא שלאָגען ביין רב אין שטוב, אויף דעם האָט איינער געזאָגט: „מה דאָך, אַז ביין רב אין שטוב האָט מען אָנגעשלאָגען אַגעמין, טאַ וואָס זאָהלען שוין אַלע יודען טאָהן?"

## 28) דער פראַנצאָזישער אָפיציער.

אַפראַנצאָזישער אָפיציער, וועלכע פלעגט אַלע מאָל, — ווען ער פלעגט זיך וועטין מיט נאָך איינעם — געווינען דעם וועט; איין מאָהל, אַלס מען האָט איהם נאָוואַצעט אין אַ 2־טין פאָלק, האָט איהם זיין נייער גענעראַל געפרעגט, צוא דאָס איז אמת, וואָס מען זאָגט אויף איהם, אַז ער וועט קיין מאָהל קיין געוועט ניט אָן?

— יאַ, מיין הערר, — האָט איהם וועלכע געענטפערט.

— אונ וויא אַזוי קען דאָס געבין?

— ווייל איך קען חכמת־הפּרצוף.

— נוא, אונ וואָס זעהסט דוא אויף מיר? — האָט איהם דער גענעראַל געפרעגט.

— איך זעה אויף דיר — האָט איהם וועלכע געענטפערט — אז

אז דיא וואונדען, וועלכע דוא האסט געקראגען אין דער מלחמה האבען זיך יעצט אם געפרישט, אונ דוא ליידעסט שרעקליכע שמערצען דאפאהן.

— ווער, איך? האט דער גענעראל פערוואונדערט ניפרעגט — איך פערוואונדעט?... עס איז אבלויזער ליגענד.

— אבער...

— אונ איך זאג, האט דער גענעראל איבער געשלאגען זיינע רייד — אז איך בין קיין מאהל פערוואונדעט ניט געוועזען, אונ יעצט געוויס ניט, אלזא לאמיר זיך וועטין.

— אין וויפיעל? פרעגט ווערצע.

— אין פינף הונדערט פראנק.

— זאל זיין אזויא.

זייא האבען זיך געוועט, אונ דער גענעראל האט איהם אריין געפיהרט אין אבעזאנדערען צימער, אונ האט זיך אויס געטאן מוטער נאקעט, אום דאס ווערצע זאל זעהן, אז ער האט פער שפיעלט דעם וועט.

— „נוא! ווערצע אנגעוואהרען! — האט דער גענעראל טריאומפפיהרענד אויס געשריען —

—יא, מיין הער איך האב פער שפיעלט.

גלייך דאראויף האט דער גענעראל אנגעק געשיקט אבריעף צוא הערדעס ערשטין גענעראל, אין דעם בריעף שרייבט ער איהם: אז בייא איהם האט שוין ווערצע ניט געוואונען; נאהר וויא פער וואונדערט איז ער געוואהרען, ערהאלטענדיג צוריק אענטפער מיט דעם אינהאלט: „ליעבער פריינד! מיט גרויס וואונדער האב איך דיין בריעף געלעזען, דען איידער ווערצע איז אנגעק פאהן מיר, האט ער זיך געוועט מיט מיר אין 2 טויזענד פראנק, אז ער וועט דיר ניטין זיך אויס צוא טאהן פאר איהם מוטער נאקעט, וועלכעס פערשטענדליך, אז ער האט יעצט

יענט אַ געוואַקסענע סימה הונדערטס פראנק, האט ער אָבער בייא
מיר געוואונען 2 טויזענד פראנק".

## 29) אַקלוגער דינער.

אַלס בייא דעם גראף ט. איז געווען אַגרויס אַרטיגער באַלל,
האט זיך אַלעם אנגעפאנגען צוא שפעלצין, דער גראף האט
געשיקט אַריין רופען דעם דינער, אום דאס ער זאל אָפ שנייצין
דעם קנויט, אַרויס נייענדיג פאהן זאל האט זיך דער דינער
שטראַסנע פונ'אַנדער געלאכט, זאַנענדיג דאַבאיי: „אַזא שטוב
מיט מענטשען, אונ קיינער קען אַלעם ניט אָפ שנייצין".

## 30) ניט קיין הינער.

איך פער שטעה גאר נישט – האט איינער געזאָגט צוא נאך
איינעם – עס איז דאך שוין האלב חודש, אונ דיא לבנה איז נאך
ניט דא? וואס פרעגט איהר בייא מיר – האט איהם יענער
געענטפערט – „איך בין ניט קיין הינער".

## 31) ניכט פערלאָהרען.

אַמאַטראָז האָט געפרעגט בין קאַפּיטאַן: „איזט איינע זאַכע
פערלאָהרען ווען מען ווייס וואו זיא איז?" ניין! – זאגט דער
קאַפּיטאַן – „נוא, ווען זא? ענטפערט דער מאַטראָז – איזט
אונזער טהעע-קאַן ניכט פערלאָרען דען זיא ליגט אויפען גרונד
פאָהן מעער".

## 32) אַזעלטענע קללה.

גוואַלד! וואס טוהט מען? האט איין מארק ידענע געזאָגט צוא
דיא צוויי שע, דיא ביין וואָגען צוא שלעפט בייא מיר אָפשר אַשאק
באַבעל – אונזא פיעל יאָהר וואַהלען דיא ליגען אין הקדש, ווי א
פיעל

פיעל זייא האבען ביי מיר מעהרער צוא שלעפם וויא אשאק-
האט איהר דיא צווייטע געענטפערט ;

## 33) אחאושענע חתונה.

עס איז עפעס געוועזען דארטען א שיינע חתונה? – האט איינע ביי נאך איינעם געפרעגט – ספאויטש! א פתונה – האט ער איהם געענטפערט – עס איז געוועזען טיש און ביינק וויא האלץ – מים אחרונים – וויא וואסער – פיש און פלייש – „עין לא ראתה".

## 34) א ענטפער פאהן א פיאניצע.

וויא קענסט דוא דאס טרינקען אזויא פיעל בראנפען? – האט מען געפרעגט ביי א פיאניצע – פאר שטייט איהר – האט ער געענטפערט – וויא איך נעם אנוטין שנאפס, ווער איך נאהר א אנדער מענש, נוא, דער אנדערער מענש דארף דאך אויך מאכען א שנאפס.

## 35) א קעכין א ענגעל.

–מאמא! – האט א קינד געפרעגט ביי דיא מוטער – וואס איז דאס א מלאך?

– ענגעל האט איהם דיא מוטער געענטפערט.

–און וואו געפינט זיך א ענגעל?

–אין הימעל, מיין זאהן.

–יע! – האט דאס קינד געענטפערט – אז דער פאפא קושט אונזער קעכין, רופט ער איהר אויך: „מיין ענגעל".

## 36) א ווארט פון א ארעמאן.

„איהר גיט מיר א נדבה צוא גיט? – האט א ארעמאן געזאגט צוא א גביר – אז גיט וועט איהר ארגער מאכען" וואס
קענט

קענט איהר מיר טאהן, ווען איך וועל אייך ניט געבין? פרעגט איהם דער נגיד — פער שטייט איהר — האט איהם דער ארעמאן געענטפערט — איך בין דאך דעם דלות'עם אשליח; איז, אויב איהר וועט מיר ניט געבין, וועל איך שיקען דעם דלות אליין צוא אייך.

## 37) דער גנב.

מען האט געפרעגט ביא איינעם: „פאר וואס נעמט ער אספר אין האנד ניט אריין?" האט ער געענטפערט: „איך בין אמאל געוועסין (אין טורמא) איבער אספר איז מיר ניט גוט געוואהרען".

## 38) אונטער דיא אויגען.

מאטילס ווייב איז געקומען צוא קהל מסור'ען אויף מאטלען: אז ער האט איהר געשלאגען ככות אכזריות, אונ האט איהר אונטער געשלאגען דיא אויגען; קהל האבין גלייך געשיקט רופען מאטלען, אונ האבען איהם געפרעגט: וואהרום שלאגט ער זיין ווייב? איך פער שטעה דאס גאהר ניט — האט ער זיך אפ גערופען — אז זיא איז אזיינערקע, בין איך דאך אזיינער, נוא, אז עס קומט דיא שעה שלאג איך. אבער, וואס האסט דוא איהר נאך אונטער געשלאגען, אונטער דיא אויגען? פרעגן איהם קהל — „אונטער דיא אויגען מעג איך אפילו דעם רב אויך שלאגען" — האט זייא מאטיל געענטפערט.

## 39) דער רבי מיטען מלאך המות.

א חסיד איז געקומען צום רבין, אונ האט איהם ערציילט אז זיין ווייב איז געפעהרליך קראנק; „גייא אהיים — האט איהם דער רבי געזאגט — זיא וועט זיין געזונד"; אין אפאר טעג ארום, קומט דער זעלבינגער ווייטער צום רבין, אונ זאגט; „רבי, מיין ווייב

וייב איז שוין געשטארבען" היינט וואו זיינען אייערע בייד? איך בין אין דעם גאהר ניט שולדיג — האט איהם דער רבי געענטפערט — איך האב זיך געראנגעלט מיטען מלאך־המות, אונ האב צוא גענומען ביי איהם דעם שווערד, נור, ער האט דאס גאהר ניט געהערט, אונ האט איהר דער שטיקט מיט דיא האנד, נוא בין איך אין דעם עפעס שולדיג?

## 40) אקלוגער ווארט.

אין דייטשלאנד אויף אבאלל איז געזעסין א פאר ברענטע־ער אנטי־סעמיט אין טיש, אונ האט אוים געערדט אויף יודען דיא גאל, אנטקעגין איהם איז געזעסין אייודישע מאדאם, אונ אלס זיא האט גראד יענעמאלט אנענעץ געטאהן, האט ער זיך אפגערופען מיט אנעלעכטער: איהר זעהט, דאס דיא יודין — האט יעצט גיעפינט אמויל מיר איינצושליבנגען". איהר איהרט זיך מיין הערר — האט זיא איהם גיענטפערט: ווייסען זיא דען ניכט, אז אונז איז פער באטען שווייגען פלייש צוא שלינגען".

## 41) א רבי'ס אווארט.

מען האט געפרעגט ביי איין חסידישען רבי'ן פאהן וואנען ווייסען מיר אז עס דארף זיין "קידוש במקום סעודה?" ווייל עס שטייט — האט דער רבי גיענטפערט — "את הכבש אחד" אונ כב"ש מאכט: "קידוש במקום סעודה".

## 42) מה נשתנה.

אגעוויסער יודישער געלעהרטער האט געזאגט: "ביי יודען איז שוין אזויא איינגעוואוהנט, אז עס זאהל אין קיין זאך, קיין שום סדר ניט זיין — איז דער פאר, אז עס קומט פסח, אונ מען דער זעהט עפעס פארט אשטיקעלע סדר . . . פרעגט מען גלייך דיא גרויסע קלאץ קשיא: "מה נשתנה?"

דזא

## 43) דיא קליינע כלה.

דוא נארד אינע! — האט א מוטער געטרייסט איהר טאכטער בשעת חופה — וואס וויינסט דוא? א מאן איז דאך ניט קיין בער, וויא איז געוועזן אז איך האב חתונה געהאט מיטען טאטין? „אוויא? — האט זיך דיא כלה אפ גערופען — האסטו דוא דאך חתונה געהאט מיטען טאטין, אונ איך האב יעצט חתונה נאהר מיט א פרעמדין מאנסבילד”.

## 44) ניט קיין אייגענע האאר.

ביא א סוחר — ביא וועלכן עס איז געוועזן א פולע קאפף מיט פעדערין און געשטעקט — איז געפרעגט געוואהרען: וואהרום קאמט ער זיך ניט אוים דיא האאר — פאר שטייט איהר — האט ער גיענטפערט — „איך בין אזא בעל־חוב אז דיא האאר פאהן קאפף זיינען ניט מיינע, היינט נאך וואס זאהל איך קאמען פרעמדע האאר”.

## 45) צוואושענער ראשי תיבות.

א חסיד, קלמן, איז געקומען צום רבי'ן, זאגט דער רבי צוא איהם: „מיין קינד טהוא תשובה”, פאר וואס, רבי? פרעגט איהם דער חסיד; וויל „קלמן” — ענטפערט איהם דער רבי — מאכט אין ראשי תיבות: „כזבנו, לצנו, מרדנו, נאצנו”, סטאיטש, רבי! — זאגט דער חסיד — „קלמן” איז דאך נאהר מיט א קו"ף, אונ „כזבנו” איז מיט א כ"ף; פער שטייסט דוא מיך מיין קינד — האט איהם דער רבי געענטפערט — רש"י זאגט אין אנהייב פ' חיי שרה: „בת ק' כבת כ'” דאס הייסט, אז א ק' מיט א כ' איז אלס איינס.

## 46) א בייסענדער ווארט.

אין א גרויס ארטיגע געזעלשאפט; איז געפיהרט געוואהרען

אדיקפוט וועגן תלמוד ; דער תלמוד איז נאך מיינער מיינונג נאך ־האט זיך אפביילין אפ גערופען – ניזשע קריטיקי *) אונ וואהרום? ־האט איהר איינגער הערר געפרעגט – „ווייל אין דעם תלמוד ווערט געשפראכען , אונ עס איז זאגאר דא זאגען וועגן שדים אונ געשפענקסע (מתים) וועלכע מיר ווייסען יעצט געווים , אז זיא געפינען זיך גאהר אויף דער וועלט נישט“ – האט זיא איהם גיענטפערט — נוא אונ איהר זעלבסט האט ווען געזעהן אויף אייער לעבין אשד? פרעגט איהר דער הערר –געוויס נים!– האט זיא איהם גיענטפערט – „מיר איז אוואנדער ;–האט זיך דער הערר ווייטער אפ גערופען צו איהר – אז איהר אזא געבילדעטע פריילע האט קיין מאהל, אין קיין שפיגעל געקוקט.

## 47) דרייא משה׳ס.

איינער אבעוואוסטער גביר , וועלכען מען האט גערופען משה – דער גביר איז געוועזן זייער אגראבער מאנ׳ש – האט געזאגט : „דרייא משה׳ס איז געוועזן אויף דער וועלט : איך , אונ משה רבינו , אונ מיין ברודער חאצקיל“.

## 48) אתורה ווארטיל.

דעם זעלבינגען גביר , האט אמאהל זיין ווייב , איהם דער לאנגעט עסען , אונ האט איהם פאר געסין צוא געבין אלעפיל – „אי ! מיין ווייב –האט ער זיך אפגערופען – דיא מלכים וועלען לאבען פאהן דיר“ , וואס איז ? –פרעגט זיא איהם – עס שטייט אין פסוק –האט ער איהר גיענטפערט – לא הניח לאיש לעשקע לעשקם

*) „נישונג קריטיקי“ הייסט : עס איז נאך נידעריגער פאהן צוא קריטיקירען, אזויא אז עס איז גאהר נים כדאי צוא רייען וועגען דעם . די׳ם .

(לַעֲשָׂקָם): אז מען לייגט ניט אָוועק דעם מאן קיין לעפיל —„ויזבח עֲלֵיהֶם מְלָכִים“ מאַכֿאצען אויף דעם דיא מְלָכִים.

## 49) אַגְבִיר אַבוּר.

דער וועלכער האט אמאהל שַבַּת נאך פֶּסַח — אלס מען האט גענומען לייענען דיא „הַפְטוֹרָה“ — אפאטש געטאהן אין שפאנדער, אונ צוא גלייך אַנגעשריא געטאהן: אך! נוא! עס שטייט דאך: „אֵין מַפְטִירִין אַחַר הַפֶּסַח“ מען לייענט ניט קיין מַפְטִיר אום שַבַּת נאך פֶּסַח“.

## 50) אַגעשפרעך וועגין יֵצֶר הָרָע.

— וואס זאגסטו? — האט איינער געפרעגט ביין צווייטען

— וואס איז דער יֵצֶר הָרָע? אַ חָסִיד צוא אַ מִתְנַגֵּד?

— געוויס אַ חָסִיד — האט איהם יענער גיענטפערט.

— פאר וואס?

— ווייל מען זעהט איהם אָפט ביין רַבִּי'ן“.

## 51) אַגרויסער פֶערדינגער.

אַ אָרעם בָּחוּר האט זיך אָן גינעבין אין גַבִּין, אז ער פער דינגט 5 רובעל אַטאג, אונ אַלס דער שווער האט איהם נאך דער חֲתֻנָּה — געפרעגט: וואהרום גייט ער שוין ניט אַרויס פער דינען דיא פיניף רובעל? — האט ער איהם גיענטפערט — ווארט, עס איז דאך נאך ניט פּוּרִים: פּוּרִים אייהה וועל איך לייענען דיא מְגִלָּה, אונ וועל טראגען מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת, וועל איך דאן פער דינען דעם טאג אָפּשר פיניף רובעל.

## 52) דאס געזעגענען זיך.

מאַמְיל איז אַמאהל אַריין צוא אַ גְבִיר, אונ זאגט צוא איהם

איהם „זיינט געזונד ר׳ ש.! איך פאהר שוין אפ פאהן ווילנא, אלזא גיט מיר עפעס אויף דער הוצאה“. איך האב יעצט קיין קליין געלט ניט ביי זיך — האט איהם דער גביר געענטפערט — ערהערענדיג דעם ענטפער, איז מאטיל באלד ארויס פאהן שטוב; אין אנוויילע ארום קומט ער ווידער אריין צום גביר און זאגט צוא איהם: ווייסט איהר ר׳ ש. איך האב מיך מישב געוועזן אז מיר לוינט ניט אפ צוא פאהרען פאהן ווילנא, אלזא זייט שוין גיט געזונד“.

## 53) אסגלה צוא יעדען יונגער.

וויא אלט זיינען זיא? — האט אהערר געפרעגט ביי א פריילין — זיעבענצעהן יאהר — האט זיא געענטפערט. אין איאהר ארום פרעגט ער איהר ווידער: וויא אלט קענען זיא זיין? זעכצעהן יאהר — האט זיא דרייסט געענטפערט — „נוא ווען זא — האט דער הערר געזאגט — איז צוא האפען, דאס אין איניגע יאהר ארום ווערדען זיא אקליינעס מאדכען ווערען“.

## 54) א אמת׳ער ווארט.

א חסיד איז געקומען צום רבי׳ן בעטין אויף קינדער, זאגט דער רבי צוא איהם: גייא אהיים, איבער איאהר אין דער צייט וועט דיין ווייב האבען איונגעל; אויף איבער איאהר, איז דער זעלבער ווידער געקומען צום רבין, און דער צייהלט איהם: אז זיין ווייב האט גאהר געהאט צווייא מיידלאך מיט איין מאהל: „פער שטעהסט דוא — האט איהם דער רבי געענטפערט — איך האב געזעהן אין הימעל שטייט אנגעשריבען אז דיין ווייב וועט היינטיגס יאהר האבען אבן, נאהר אז דער „ב״ן“ איז געווען פער שטריכעלט, און האט גאהר אלזא געמאכט: ב׳ נקיבות, דאס האב איך ניט בעמערקט“.

דיא

## 55) דיא מייז.

דיא מייז האבען זיך אמאהל צוא נויף געקליבען, אום זיך א עצה צוא געבען, וויא בעוואָרענט מען זיך מיט דיא קאטץ, איין מויז האט זיך אפ גערופען: דיא בעסטע זאך איז, אז „מען וואהל אויף הייגען ביא דיא קאטץ אויפען האלדז א גלעקיל, אום דאס מען זאהל ערהערין איהר גאנג, אונ דאהער וועט מען שוין גיבער אנטלויפען", דיא עצה איז אלע מייז געפעהלען געוואָהרען, נוהר עס האט זיך קיינער ניט געפונען, ווער עס זאהל גיין „דיא קאטץ אויף הייגען דעם גלעקיל".

דער משל קען דינען פאר אפולע מאנשין.

## 56) דיא קליינע קיבע.

דער דייטשער קאניג קארל דער פינפטער איז געקומען צוא איינעם פאהן זיינע מיניסטארען, עס האבען זיך ביא איהם אין וואהנונג געפונען גרויסע צימערען, אונ גרויסע זאלע, נוהר איין נייער קליינע קיבע; אונ אלס דער קאניג האט איהם דיא אורזאך דאפאהן געפרעגט, האט ער איהם גיענטפערט: „מיין קליינע קיבע האט מיינע זאלע גרויס געמאכט".

## 57) דער שפאניער.

א שפאנישער יונגער מאן איז מיט א צופאלל געקומען אין אונזער געגענד, אום ווינטער, אין דיא גרויסע פרעסט; אונ אלס עס איז איהם אוים געקומען דורך צוא גיין דורך אדארף, זיינען אויף איהם אנגעפאלען אבאנדע הינד, דער שפאניער האט זיך איינגעבויגען צוא דער ערד, אויף צוא הויבען אשטיין, זיא אפ צוא טרייבען פאהן זיך, ער האט אבער דעם שטיין ניט געקאנט רידרען פאהן ארט — ועלבסט פער שטאנדליך, ווייל

ווייל עס וואר איינגעפרארען – „אך! פער פלוכטעס לאנד! – האט ער מיט ארגער אויס געשריען – דא וואו מען די שטיינער אנבינדען, און די הינדע לויז לאסען".

## 58) דער ליגנער.

אין א געזעלשאפט, האט זיך איינער מאן בעריהמט אז ער איז אויס געווען גאנץ איראפא, און האט געהאט אויפטראגע מיט די גראסטע מאנער. און מיט די בארדאנעלען האט איהר זיך געזעהען? האט איהם איינער פאהן די קאמפאניע געפרעגט; – „סטאיטש געזעהען"! – האט איהם דער יונגער מאן געענטפערט – „איך האב מיט זייא זאגאר וויפיעל מאהל מיטאג געשפייזט אין איינעם".

## 59) אפראסטער חי וקים.

פאר צייטען איז געווען דער מנהג, אז אין די שבתים וואס מען פלעגט זאגען „יוצרות", פלעגט מען מכבד זיין איינעם מיטען אויס שרייען דעם: „חי וקים"! איינמאהל אלס דער שמש איז צוא געגאנגען צוא איינעם אגראבען ישובניק איהם מכבד זיין מיט דעם כבוד, פרעגט איהם דער ישובניק, וואס פאר א חי וקים איז היינטיגער שבת, צוא „תגברת" צוא „בסוכתו"-ניין, -ענטפערט איהם דער שמש: אפראסטער „חי וקים", אלס עס איז געקומען צום אויס שרייען, האט דער ישובניק אויס געשריען: „אפראסטער חי וקים!!".

## 60) די גבאים מיטען רב.

אין א שטעדטיל אין דייטשלאנד, האט מען געמסורט די גבאים, אז זייער רב פארט אום שבת – אויב אזוי? – האבען זייא געענטפערט – „איז ער דאך געווארען א גראסער

בעל

בעל־הוצאה, דארף מען אים האבערן די שכירות".

## 61) א ענטפער פאהן א רב.

זאגט מיר רבי, — האט איינער געזאגט צוא א רב — די גמרא זאגט דאך אז: „צדיקים כל זמן שמזקינין דעתן מיושבת עליהם" — ד. ה. די צדיקים וואס זייא ווערין מער אלטער, ווערין זייא אלס קליגער, אונ די רשעים וואס זייא ווערין אלטער, ווערין זייא אלס נארעשער, — ווא ווייא קומט עס אז די ספרים וועלכע איהר האט יעצט ארוים געגעבין זיינען ערגער פאר די, וועלכע איהר האט געשריבען יונגערהייט? „אט דאס איז דאך טאקע די אורזאך — האט איהם דער רב געענטפערט — וואס איהר זייט אלטער געוואהרען".

## 62) אקלוגער ענטפער.

דער קאניג פרידריך דער גרויסער, האט ספאטערעווענדיג זיינע זאלדאטען, בעמערקט אז בייא אידישע קליינעם זאלדאט, זיינען די שטיוועל צוא ריסען, אונ אלס ער האט בייא איהם נעפרעגט: וואהרום איז בייא אלעמען גאנץ די שטיוועל, נוהר בייא איהם איינעם אין צוא ריסען? — האט ער איהם גיענטפערט — וייל יענע זיינען גראסער פאהן מיר, אז די שטרעקע וועלכע דיא נייען אף פערציג טריט, דארף איך געבין וועבציג טריט, דער פאר איז בייא מיר מעהר צוא ריסען וויא בייא אלעמען.

## 63) דער קידוש.

א ישוב'ניק האט געבעטען בייא זיין אינגעלם רבי'ן אז ער זאהל איהם אוים לערנען קידוש מאכין, נוהר דער אינגעל האט געהאט זייער אגראבע קאפף, אונ דער רבי האט איהם בשום אופן נים געקאנט אוים לערנען דעם קידוש, אלזא האט

זיך

זיך דער רבי א עצה געגעבן, און האט איהם איינגעהערט אוי
דעם אופן: „יום“ איז איינאן, „הששי“ איז סטעפאן, „ויכלו
איז וואנקא, און זא פסדר דעם גאנצען קידוש האט ער איה
איינגעחזרט, אויף דיא נאמען פאהן נים פאהן זיין דארף,
און האט איהם אזויא אויס געלערענט דעם „קידוש“ ה
איינמאהל מאכט ער אין דער היים „קידוש“ אזויא: „יום ויכלו
השמים וכו'“, פרעגט דער טאטע ביא איהם: וואס זאגסט דו
ניט דעם ווארט הששי? „יע! —האט ער געענטפערט — סטעפאן
איז דאך שוין געשטארבען“.

## 64) א שפיטצעל פון א ארעם בחור.

א קארגער גביר האט גענומען א ארעם בחור אויף שבת,
אלס עס איז געקומען צוא דיא לאקשין, נעמט דער גביר און
שעפט אן פאהן שיסעל אקאב-לעפיל נעדיכטע לאקשין און
גיסט זיך אריין אין טעלער, און זאגט דאביא: „אדם קרוב
לעצמו“, נאכהער האט ער ווידער אנגעשעפט דיא נעדיכטע, און
גיסט אריין צוא דיא ווייב אין טעלער, און זאגט: „אהבתי את
אשתי“, נאכהער דיא קינדער, און זאגט: „ואת בני“, און דיא
לעצטע אז עס איז שוין געבליבען קלארע זאפעד, האט ער
אריין געגאסען דעם ארעם בחור, דער ארעם בחור האט אבער
לאנג ניט געקלערט, און נעמט דיא שיסעל און, און גיסט זיא
אלעסען אפ, זאגענדיג דאביא: „וזרקתי עליכם מים טהורים“.

## 65) א עיכוב אין הנרעדט רובעל.

וואס מאכט איהר? — האט איינער געפרעגט ביין צווייטען,
איהם אנגעגענדיג אויפען גאס — עס איז זייער פאסקודנע — האט
איהם יענער געענטפערט — איך האב יעצט אמידעל חתונה צוא
מאכען, און איך האב גראדע פאר איהר זייער מטבע חתן,

נודר

נאך דער חתן וויל אנדערש ניט וויא צוויא הונדערט רובעל נעמן, אונ איך האב מעהר נישט וויא הונדערט רובל; — דאס איז א קליינקייט — האט איהם יענער גיענטפערט — לייט וואגען צוא גראגערע גדן, אונ גיבען נאך דעם ניט אוועק, דיא זעלבע איז מיט איך, איהר וואנט איהם צוא, צוא געבין צוויא הונדערט רובעל, אונ נאכהער וועט איהר איהם 100 רובל אנזעצען; הערסט דוא! — האט איהם דער גיענטפערט — אט דאס זאג איך דאך, אז דיא הונדערט וואס איך וועל איהם אנזעצין, דיא האב איך, נאהר דיא אמת'ע הונדערט פעלין מיר.

## 66) דיא גרויסע מאטעמאטיקערען.

צוויא אורחים זיינען איינגעשטאנען שבת אין א קרעטשמע, נאכהער אלס זייא האבען שוין געדארפט אפ פאהרען, רופען זייא אריין דיא קרעטשמערקע, זיא זאהל זייא געבין א רעכענונג, וויפיעל זייא האבען אנגענומען איבער שבת; דיא קרעטשמערקע האט אנגעהייבען צוא רעכנען פאלגענדע: פאר צוויא נאכט נאכטיגען קומט צוא 16 גראשען פיר איינעם, פאר 2 קיטקעס הייא 48 גראשען, 48 מיט 16 איז דאס אינאיינעם א גילדען, טא נאט אייך אפופציגער אונ גיט מיר אפערציגער, וועט שוין זיין בעצאהלט פארען שבת אויך.

## 67) דער לעהרער אונ דער שילער.

וויא פיעל אינזעלען זיינען דא אין מעער (ים) אונ וויא הייסען זייא? — האט אין דייטשלאנד א לעהרער זיינעם שילער געפרעגט — אין מעער זיינען דא אפוללע אינזעלען — האט איהם דער שילער גיענטפערט — אונ איך הייס חאנו.

## 68) א שיינער ווארט.

א קליין געוויקסיגער ארעם בחור האט גענעמען ביא איינעם
אטאג

שמאג, דער בחור איז אָבער געווען אזא פרעסער אַז ער האָט געקאָנט אויף עסען פאַר פינף מענשען; איינמאהל פרעגט איהם זיין בעל־הבית: „זאָגט מיר וואָס איז דיא מעשה, וואָס איהר אזא קליינער מענשעלע, עסט אזויא פיעל אויף, און צין הרע...“ איך וועל אייך זאָגען — האָט ער איהם געענטפערט — בשעת דער אויבערשטער האָט בעשאפען דיא וועלט, האָט ער אויף געהאָנגען אַלער האַנד קישקעס, קליינע און גרויסע, דער היכער מאַנש וואָס האָט געקענט דער גרייכין האָבער, האָט ער זיך אויס געקליבען אקורצע קישקע, נאָהר איך אַלס קליינער מאַנשעלע האָב געמוזט נעמען אַלאַנגע קישקע“.

## 69) א יודענע בלייבט א יודענע.

אַ יודענע איז אין כעס געוואָהרען אויפען מאַן, און איז זיך געלאָפען טרינקען, קומענדיג צום טייך האָט זיא אָנגעטאַפּט דעם וואַסער — אוי! זאָגט זיא — עס איז קאַלט דער וואַסער, מען קען זיך נאָך חלילה צוא קיהלען, און איז געשווינד אַנטלאָפען אַהיים.

## 70) דער מאַן, און דיא ווייב.

מיין ליעבער מאַן — האָט אַפרויא געזאָגט צום מאַן — דוא בינסט מיר מוחל וואָס איך בין פאַרט דיר אַנטלאָפען געוואָהרען? פאַר וואָס דוא בינסט אַנטלאָפען בין איך דיר מוחל — האָט איהר דער מאַן געענטפערט — „נוהר ניט פאַר וואָס דוא בינסט צוריק געקומען“.

## 71) ניט ערהאַלטען דעם בריעף.

אַדאָרפישע פריילין האָט געשריבען אַבריעף צוא איהר פריינדין אין שטאָדט אַז זיא זאָהל איהר שיקען דעם און דעם

בוך, דיא לעצטע האט איהר דעם בוך ניט געשיקט, אונ אלס זיא האבען זיך נאכהער אין שטאט געזעהן, האט זיך דיא שטאדטישע פער ענטפערט, פאר דיא דארפישע: „פער צייהע מיר וואס איך האב דיר דעם בוך ניט געשיקט, דען איך האב דיין בריעף ניט ערהאלטען".

## 72) מען רופט מיך פעטער.

פריילין ק. איז געוועזען זייער אשיינע, נאהר א ארעמע, אונ האט זיך דארום געמוזט בעשליסען, צוא הייראטהען מיט איין אלטען מאן אגביר, אלס זיא זיינען געפאהרען אויף דער חתונה, האט איהר דער קוטשער אלע ווילע געזאגט: „פריילען! מען רופט מיך פעטער!" נאך איהר חתונה, פרעגט זיא ביא איהם, וואהרום ער האט איהר דאס אלע ווילע געזאגט? פער שטייט איהר, — האט ער איהר גיענטפערט — כדי איהר זאהלט נאכהער ניט זאגען: „דער פייפעל האט מיר צוא דער חופה געפיהרט".

## 73) אגוט ווארט.

וויא אלט קענען זיא זיין? — האט אהערר געפרעגט ביא אדאמע — 20 יאהר — האט זיא גיענטפערט — עס קען מאגליך זיין ... — האט ער ערווידערט — וואס איהר צווייפעלט נאך? — האט איהם דיא דאמע איבער געפרעגט — אך געווים! — האט דער העדר גיענטפערט — וויא זאל איך אייך ניט גלויבען? דען שאהן ביינאהע צעהן יאהר, וויא איך הער דאס פאהן אייך, נוא, זאהל איך אייך נאך ניט גלויבען?

## 74) איך בין אויך אבאנדאר.

א חזן האט געדאוועגט אין אשטעטיל, אונ האט זייער ניט אויס גענומען, נאכן דאווענען גייט צוא איינער צום חזן אונ זאגט: א! אונזערע פרנסות זיא שווער עס קומט אונז דאס אן; וואס פאר אמאנש זיינט איהר? — פרעגט איהם דער חזן — „איך בין

בין אויך אבאנדאר" — האט ער איהם געענטפערט.

## 75) ניט קיין שלעכטער שידוך.

אשדכן איז געקומען ריידען איינעם מאן אשידוך, מיט דיא אונ דיא פריילען, אך! — זאגט דער יונגער מאן — דאס מאדכען הינקט דאך? יא — ענטפערט איהם דער שדכן — דאס איז זייער גוט פאר אייך, ווען זיא אייך ניט קאנען נאך לויפען; אבער זיא איז דאך בלינד! — זאגט דער יונגער מאן — נוא, גאנץ גוט — ערווידערט דער שדכן — ווען זיא ניט קאנען זעהן וויא איהר גייט ארום מיט אנדערע פרויענצימער; אבער זיא איז דאך אויך טויב! — זאגט דער יונגער מאן מיט ארגער — אך! אנאדרעס גליק פאר אייך, — זאגט דער שדכן — איהר וועט מאגין ריידין אין שטוב, אלס וואס איהר וועט נוהר וועלין, עס וועט זיין, אזויא וויא זיא וואהלט גאהר דער ביא ניט געוועזן; זיא איז דאך אבער אויך שטום?! נאך בעסער — ענטפערט דער שדכן — וועט ביא אייך אין שטוב, אימער שטיל אונ רוהיג זיין; אבער זיא האט דאך א הויקער אויך! — שרייט דער יונגער מאן — נוא ווילט איהר — זאגט דער שדכן צוא איהם — אז זיא זאל שוין גאהר קיין פעהלער ניט האבען?

## 76) א געטרייער מאן.

וויא האלט עס מיט מיין פרויא? — האט איינער ביים דאקטאר געפרעגט — לידער ניכט גוט — האט דער דאקטאר געזאגט — איהר מוזט זיך אויף דאס שלימסטע בעשליסען; וואס זיא וועט געזונד? — האט דער מאן געפרעגט —.

## 77) דיא צוואה.

איינער האט געלאזען אין צוואה דרייא פונקטען: ערשטענס אז בשעת מען וועט איהם מטהר זיין, זאל מען איהם ניט האלטען אונטער דיא ארעמס, דען ער האט מורא פאר קיצלען; צווייטענס

זאהל

זאָהל מען איהם לייגען נעבען קליינע קינדער, כּדי ער זאל קאָנען אוים נאַרען פאַהן זיי דעם איבּערבּייסען; אונ דריטענס זאָהל מען איהם מקבר זיין נעבען אבּוּדקע (וואו א גאַרדאַוואי שטייט) כּדי אַז דער מלאך־הדומה וועט קומען זאָהל ער קענען א געשריא טאָהן: גאַרדאַוואי!

## 78) דער געשמיםענער גביר.

עס איז געווען א מעשה, אַ פריץ האַט אַ געשמיסען אַ נעוויסען ווילנער גביר, איינמאָהל חאפט דער וועלבּינער גביר אָן מאַטלען אויפען נאָס, אונ זאָגט צוא איהם: „מאַטיל! זאָג מיר עפּעס אויפטץ (דער גביר איז געווען אַהויך נעוויקסינער), זאָגט מאַטיל צוא איהם: וועהט ר... אוואַנדער דאַכט זיך אַט דא נים לאַנג, האַט מען איך אונטער געהאַקט, אונ איהר זייט גאָך אַלס אַזא לאַנגער....

## 79) א קלוגע עצה.

אין ק. אַלס עס איז אַנגעפאלען דער ערשטער שנייא, אונ דיא מאַנשין פאַהן שטאָדטיל האָבּען מורא געהאַט אַז דער שמש וועט גיין אין דער פריא רופען: „אין שוהל אַריין!“ וועט ער דאָך דער וויל אוים טרעטין דיא שנייא, האָבּען זייא זיך אַ עצה געגעבּין, אַז פיער מאַנשין זאָהלען טראָגען דעם שמש אויף דיא האַנד, אונ ער זאָהל רופען: „אין שוהל אַריין!“

## 80) א גאוֹנים אַוואָרט.

דער גראָיסער גאון ר' זעלמעלע האָט געזאָגט: אַז איינער גייט אוים שמונה־עשרה דאַרף מען איהם געבּין: „שלום עליכם“ דען אין וואס פאר א שטאָדט איז ער נים אוים געווען שפּאַצירען, שמונה עשרה.

## 81) חאַרעניע אין חלום.

מוטער! — האָט אַ איינגעל געזאָגט צוא זיין מוטער — אַלס

איך

איך וועל זיך ווייטער לייגען שלאפען , וואהלסט דוא מיר ארגסטער לייגען אלעפיל צוא קאפינס , דען דיא פארינגע נאכט האט זיך מיר געחלומ'ט אז נעבין מיר איז געשטאנען א שיסעל ווארעניקע , נאהר צום אונגליק האב איך קיין לעפיל ניט געהאט.

## 82) א חזיר א מבין.

וויא זאגט דוא ? – ווער קען בעסער זינגען איך צוא דוא ? – האט דיא קראע דעם סאלאוויא געפראגט – געוויס קען איך בעסער – האט איהר דער סאלאוויא געענטפערט – נוא , אונ איך זאג – האט זיך דיא קראע ווייטער אם גערופען – אז איך זינג טויזענדער מאל שענער פאהן דיר – לאמיר זיך נעמען , זאגט דער סאלאוויא צוא דיא קראע , ווער עס קען בעסער זינגען , אונ ווער עס וועט פער שפיעלען , דעם , זאהל דער געוואונענער אויס פיקען א אויג ; אבער ביא וועמען וועלין מיר פראגין ? – פראגט דיא קראע – וועמען מיר וועלין אן טרעפען דעם ערשטין , ביא דעם וועלין מיר פראגען , – זאגט דער סאלאוויא , – נוא גוט , – ענטפערט איהם דיא קראע ; אונ האבען זיך געוועט – אונ לאזין זיך גלייך ביידע , זוכען א מבין , אונ טרעפין גלייך אן דעם ערשטען אחזיר ... זאגען זייא צוא איהם : זאג אונז נאר דוא חזיר , „ווער קען בעסער זינגען ? „דיא קראע קען בעסער“ – האט דער חזיר געענטפערט – נוא פער שטייט זיך , אז דיא קראע האט באלד דעם סאלאוויא אויס געפיקט א אויג ; שטייט דער סאלאוויא אונ וויינט , זאגט דיא קראע צוא איהם : וואס וויינסט דוא ? דוא האסט דאך אנגעוואונען , אונ דוא אליין האסט ארויס געגעבען אזא שטרענגען פסק ; ניין ! – האט איהר דער סאלאוויא געענטפערט – מיך פערדריסט ניט אזוי אויף דיא אויג , נאר מיר פערדריסט : „וויא קומט אזא גראבער חזיר צוא זאגען מבינות אויף מיר“.

דער פאבעל איז אשפיעגעל פאר פיעלע מאנשין.

## 83) וואס דקדוק איז.

איינער א גראבער מאנש – האט אמאהל געפרעגט: „וואס דקדוק איז, שמע, הער צוא, שמעני, הער מיר צוא, אונ ישמעאלים איז שוין נאחר מאטערען".

## 84) רבי יהודה מיט דיא סימנים.

אין פלוק איז דאך אקשיא: וואס טוהט מיר דא רבי יהודה איף מיטען דצ"ך עד"ש באח"ב? נוהר דער תירוץ איז: רבי יהודה האט דאך שוין איין מאהל א טעות געהאט מיט תמר'ן, דרום מאכט ער שוין יעצט סימנים; אי, ניחאי וואהלט ער געגעבין תמר'ען דיא מכות, אונ אין דער הגדה דעם זיעגעל, מיטען שטעקין, מיטען שנופטוך? נאהר אז ער וואהלט גיגעבען תמר'ען מכות, וואהלט זיא איהם געגעבין יסורים...

## 85) נא איך בעט דיר.

בשעת אברהם אבינו האט געזאגט צוא אליעזר'ן: „שים נא ידך תחת ירכי" האט ער איהם געזאגט: נא, איך בעט דיר, האלטען מאגסטו דוא, נאהר קוועטשין זאלסטו דוא ניט.

## 86) גאט גליך.

זאג מיר נאהר ווייבעל – האט איינער גיזאגט צו אפרויא – וואס ביגסטו דו אזוי אויפען סגיד אויפגעטראגען, פאר וואס ער האלט דיר שטאנדיג אין איין מוכר זאגען? דו ווייסט דען ניט, אז דער סגיד וויל זיין גאט גליך, נעמען ער האט ליעב, דעם שטראפט ער א סך.

## 87) ליגען אויף הוילען.

מאטיל איז אמאהל אריין צו זיינעם א עקאנטין, אונ זאגט צו איהם: איהר ווייסט ר' שמואל אז איך מוז שוין ווערין אדאקטאר; אונ

ווארום

וואָרום ? - פרעגט איהם דער שמואל - ווייל פערשטייט איהר - האט איהם מאטיל געענטפערט - מען האט ביי מיר היינטיגע נאכט ארויס גענב'ת די בעסטע נשואנר, נא, וועל איך שוין מוזען „ליגען אויף תוילין".

## 88) אקלאפ פער גייט, און א וואָרט בעשטייט.

אום פורים בשעת אלע האבין געקלאפט המנ'ען האט איינער אנעווייסער שניידער געמאכט אגרויסען יונגישען „מי שברך" — און אלס מען האט איהם געפרעגט: וואס איז דאס? - האט ער געענטפערט: „אקלאפ פער גייט, און א וואָרט בעשטייט.

## 89) ניט געדאווענט פאהן פארענט.

אין ווילנא, אין אלטין קלויז, איז אגראבער יונג אשוסטער, ארויף געקראכען אויבען אן, און האט זיך געשטעלט דאווענען, דער אונטער שמש אבער האט דאס גראדע בעמערקט, און איז צוא איהם צוא געגאנגען, און זאגט: הערט ר' יוד! איהר האט שוין געדאווענט פאהן פארינט? דאכט זיך אז ניט, טא זייט זשע מוחל, און דאווענט פאהן פארינט.

## 90) אין לייטעשע מיילער.

דער זעלבער, אלס ער איז ארויף געגאנגען אין מאליארסקע קלויז וואו עס איז געווען זייער שאהן אויס געמאלט, און אויס געפוצט, האט ער זיך אפ גערופען, זיך ארום קוקענדיג: אוי! איך בין יעצט אריין געפאלען „צווישען לייטישע מיילער".

# מָאטְקֶע חַבַּ"ד

## פון ווִילְנָא.



אָדֶער

## וִויטְצֶע אִיבֶּער וִויטְצֶע

### נַייֶעְנְצִיג שֵׁיינֶע וִויטְצֶען

## אִין רַיין שְׁזַארְגָאן

הערויס גיגעבין פֿאָהן מ. י. לעוויטאן.

---

דרוקע אופלאגע פֿאָהן פ. י. ר. אין ווילנא.

---

## ווילנא

שנת הרנ"ה לפ"ק

---

**МОТКЕ-ХАБАДЪ.**

или Анекдоты изъ еврейскаго быта.

Сбора и издан. М. Я. Левитаномъ.

Съ Виленскаго изданія 1893 г. безъ перемѣнъ.

1894.

# מָאטְקֶע חַבַּ"ד
## פון ווִילְנָא.

אָדֶער

## ווִיטְצֶע איבֶּער ווִיטְצֶע
## נייִעֶנְצִיג שֵׁיינֶע ווִיטְצֶען
## אִין דֵיין שְׁזַארְנָאן

הערויס געגעבען פֿאָהן מ. י. לעוויטאן.

---

דריטע אופלאַגע פֿאָהן פ. י. ר. אין ווילנא.

---

## ווילנא

שנת תרנ"ה לפ"ק

---

**МОТКЕ - ХАВАДЪ.**

или Анекдоты изъ еврейскаго быта.

Сбора и издан. М. Я. Левитаномъ.

Съ Виленскаго изданія 1893 г. безъ перемѣнъ.

1894.

# פָאררֶעדֶע.

שָׁאהְן בֵּיינאָהֶע אַשְׁטוּנְדֶע צַייט, ווִיא אִיךְ זִיטְץ אוּנ האַלְט דִיא פֶעדֶער אִין האַנְד, אוּנ קְלֶעהְר, וָואס שְׁרַייבְּט מֶען דָא אִין פָארְרֶעדֶע? נָאהְר קְלֶעהְר הַיינְט, קְלֶעהְר מָארְגֶען — עֶס וֶועט זִיךְ נָאר נִישְׁט אוֹיס קְלֶעהְרֶען, אוּנ צוּא אַלֶע צָרות הָאט זִיךְ נָאךְ דִיא פֶעדֶער שְׁטאַרְק פַאר עַקְשָׁנְט אוּנ ווִיל גְרָאד יָעצְט בְּשׁוּם אוֹפָן נִישְׁט אָן הֵייבְּן צוּ שְׁרַייבְּן, זִיא שְׁפְּרִיצְט אוּנ קְלֶעקְט, דְרִיגֶעט מִיט דִיא פִּיס אוּנ רַייסְט אִין פַּאפִּיר, חָאטְשׁ נֶעהְם אוּנ טוּה זִיךְ אַמַעֲשֶׂה אָן... אֵי אֶפְשַׁר וֶועט זַיין כָּשֵׁר אָן אַפָארְרֶעדֶע אוֹיךְ? נָאהְר נֵיין! עֶס וֶועט עֶפֶּעס אוֹיס קוּמֶען נִישְׁט פוֹיגֶעלְדִיג... נִישְׁט הָאבְּין דֶעם חֵן... עֶס וֶועט הָאבְּין אַפָּנִים, ווִיא אַ הַיינְטִיגֶער פְרַאנְט אָן פַאנְסֶנֶע... אָדֶער, ווִיא אַפְרַיילִין אָן אַקאוואַלֶיער...

הֶערְט אִיהְר! אִיךְ זָאהְל אַזוֹי נִיט ווִיסֶען פוּן קֵיין בֵּייזֶע פַּאקְן, ווִיא אִיךְ ווַייס נִיט, וָואס הֵייבְּט מֶען דָא אָן צוּא שְׁרַייבְּין — נָאהְר שַׁא! גֶעפַאלֶען אוֹיף אַפְלַאן! אִיהְר מוּזְט דָאךְ גֶעוִויס וֶועלִין ווִיסֶען, נָאךְ וָואס הָאבּ אִיךְ דָאס אַ נָאמֶען גֶעגֶעבְּן „מָאטְקָא חַבַּ"ד" — ווַייל, פֶערְשְׁטֵייט אִיהְר, אִיךְ האַלְט מִיר שְׁטֶענְדִיג אָן דֶעם רוּסְסִישֶׁען וֶוערְטִיל: „טָאנְוָואר לִיצָאם פְּרָאדַאיָאטְסַיָא!"

אִיךְ רֶעכִין, אַז דִיא עֶטְלִיכֶע שׁוּרוֹת, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ שׁוֹין דָא אַזוֹי רֵיידֶענְדִיג אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען, וֶועלִין שׁוֹין קֶענֶען דִינֶען דִיא לֶעזֶער אָנְשְׁטָאדְט אַפָארְרֶעדֶע אוּנ זֵייא וֶועלִין נָאר מֶעהְר נִיט פֶערְלַאנְגֶען פוּנֶעם

פֶערְפַאסֶער.

## 1.
## אשנײדער אַלמדן.

אשנײדערשער יונג האָט שבועות צוא קידוש געזאָגט „זמן חרותנו״. גראָבער יונג אײנער! — האָט אויף אים דער בעל הבית אָנגעשריען — טאָ פסח זאָגט מען „זמן חרותנו״ עסט מען האָט חרוסת, אָבער וואס איז היינט פאר אַחרותנו אויף דיין קשוגעגע קאָפּ?

## 2) אַריכטיגער וואָרט.

מאָטיל איז אַמאָהל אַריין געקומען צוא אַוויל'נער גביר גייענדיג צוריק, האָט ער זיך אויס געגליטשט אונ איז אַראָפּ געפאַלין פאָהן אַלע טרעפּ; מען איז מסתמא אַרויסגעלאָפין פאָהן שטוב זעהן, וואָס האָט דאָס דאַ אַזא קלאַפּ געטאָהן, זעהן זיא, אז מאָטיל שטייט אונטערין טרעפּ; וואָס איז דאָס דאַ געוועזן! פרעגין זיא ביא איהם, —נאָהר נישט! גאָהר נישט!—האָט ער זיא געענטפערט, — מיין פוטער איז אַראָפּ געפאַלען פאָהן דיא טרעפּ; אונ וואָס האָט דאַ אַזא קלאַפּ געטאָהן? פרעגין זיא ביא איהם; פערשטייט איר — האָט ער זיא געענטפערט, — ווייל איך בין געלעגען אין פוטער.

## 3) דער גרויסער שאַרפזיניגער.

אַמיידיל איז געקומען צום חסידישען רבין מיט אשאלה, דאָס מען האָט אַריין געשטעקט אמילכיגע לעפיל אין אפליישיגען טעפּיל. דער רבי האָט אַרויף געקוקט דיא היטעל ביז פאַטילניצע אונ האָט אָנגעפאַנגען אַזא דיספּוט: „אמילכיגע לעפיל אין אמילכיגען טעפּיל, אפילו מען וואָהל אַריין שטעקין, איז דאָך אויך כשר; אמילכיגע לעפיל

לעפיל אין אפליישינען טאפיל, אז מען זאהל ניט אריין שטעקין איז דאך אויך כשר; אפליישינע לעפיל אין אפליישינען טעפיל, אפילו מען זאהל אריין שטעקן איז דאך אויך כשר; אפליישינע לעפיל אין אמילכינען טעפיל, אז מען זאהל ניט אריין שטעקין, איז דאך אויך כשר; נוא! דאכט זיך, אז דיא גאנצע תורה אונ דיא גאנצע לומדות האב איך דיר שוין דא אויס גערעכינט, נאהר וואס האט דא ביא דיר גיטראפען, אז מען האט אריין געשטעקט אמילכינע לעפיל אין אפליישינען טעפיל, דאס וועט שוין דער מתנגד׳שער רב אויך וויסען״.

# 4) אויסען הויט.

איינער איז אריין צום צווייטען, אונ האט אידם געפונען ויא ער שיילט א הערינג, „אום גאטעס ווילען! — האט זיך דער ־שטער אפ גערופען — פער שליסט וואס גיבער דיא טיהר, דען אלס יהר וועט אידם ענדרינען שיילען, וועט ער אויסען הויט אנטלויפען“.

# 5) אווילדער למדן.

ביא אשנידער — וועלכער האט זיך געהאלטען פאר אגרויסען מדן — איז געפרעגט געוואהרען: וואס איז דער טייטש „משליך רחו בכפתים“ וואס ווייסט איהר דא ניט — האט דער שניידער ענטפערט מיט גאוה: „משליך איז זיך משליך, אונ קרחו איז־כפתים“.

# 6) אגרייז אין דער תורה.

גראבע יונגען האבען זיך אמאהל איזבונטעוועט: „וואס איז אס עפעס? — האבען זייא געזאגט — מיר האבען אין שוהל קיין ום צורה ניכט, דיא בעסטע עליות, אונ דיא שענסטע כבודים, ט מען אוועק דעם למדן, אדער דעם גביר, אונ אונז רעכינט ען גאהר פאר קיין מענשין ניט״; זייא האבין זיך אלזא בעשלאסען,

אז

אַז זַייא זָאהלֶען זִיךְ מאכֶען, נָאהר אַבְּעזוּנְדֶערֶע שׁוּהל, אוּנ
פַאר וֶועט זִיךְ בַּייא זַייא אִין שׁוּהל קַיין לַמְדָן נִיט טָארֶען אַייגֶעפִּי
וַיְהִי הַיוֹם הָאט זַייעֶר „קוֹרֵא" גְעפוּנֶען אַנְרַייז אִין דֶער תּוֹרָה,
אִיז: „כָּבֵח" דַארְף שְׁטֵיין — זָאגְט דֶער קוֹרֵא — מִיט אַ כָּף, אוּ
שְׁטֵייט נָאר מִיט אַ „חֵית" — וָוען אַזוֹיא הָאבֶען זִיךְ דִיא חֲבֵרִים
גֶערוּפֶען — אַז דוּא בִּינְקְסט שׁוֹין אַזאַ לַמְדָן צוּא הָאבֶען אַזאַ גְ
טָאהֶרְסְט דוּא זִיךְ בַּייא אוּנְז נִיט אַיינֶגעפִּינֶען".

## 7) אַ שְׁבָח.

אַיינֶער הָאט אַמָאהל גֶעזָאגְט צוּא נָאךְ אַיינֶעם: דוּא שְׁ
זִיךְ נִיט מִיט יֶענֶעם, אַ סְפָאס עֶר! עֶר אִיז פָאהֶן דִיא וָואס דִיא גְ
זָאגְט אוֹיף זַייא: „מְלֵאִים מִצְוֹת כָּרִמּוֹן".

## 8) דֶער סֵדֶר.

אַפַּארְצַייטִיגֶער יְשׁוּבְנִיק הָאט נִיט גֶעווּאוּסְט, וִויא אָפּ
רִיכְטֶען דֶעם סֵדֶר, אוּנ הָאט דַארוּם גֶעשִׁיקְט זַיין וַוייבּ, דִיא זָ
גַיין בַּיין שְׁכֵן אוּנְטֶערִין פֶענְסְטֶער, אוּנ זֶעהֶן וִויא עֶר טוּט,
זִיא זָאל אִיהם נָאכְהֶער אִיבֶּער גֶעבֶּין וִויא אוּנ וָואס; דִיא
אִיז אַוֶועק צוּם שְׁכֵן אוּנְטֶערִין פֶענְסְטֶער, אוּנ הָאט גִיזֶעהֶן
עֶר שְׁלָאגְט שְׁרֶעקְלִיךְ זַיין וַוייבּ — זִיא אִיז אַוֶועק אַהֵיים אִין דֶ
שְׁרֶעק, דֶען זִיא הָאט גֶעמֵיינְט, אַז אַזוֹיא נִיט מֶען דָאס אָפּ
סֵדֶר; נוּא מֵיין וַוייבּ — פְרֶעגְט אִיהר דֶער מַאן — אַלְס זִיא אִיז
צוּרִיק גֶעקוּמֶען — וָואס הָאסְט דוּא דָארְטִין גֶעזֶעהֶן? זִיא שְׁוַ
אָבֶּער אוּנ הָאט מוֹרָא אוֹיס צוּא זָאגֶען; דָא אִיז דֶער יְשׁוּ
גֶעוָואהֶרֶען שְׁטַארְק אִין כַּעַס, אוּנ הָאט אִיר דֶער לַאנְגְט אַפָּאר
פֶּעטְשׁ; נוּא אַז דוּא וַוייסְט שׁוֹין — הָאט זִיךְ דִיא יְשׁוּבְנִיצְ
גֶערוּפֶען וַויינֶענְדִיג — טָא וָואס פְרֶעגְסְטוּ?

אקלוגער

## 9) אַקְלוּגֶער וָואֹרְט.

סַאמִיל הָאט גֶעבֶּעטְן בַּייא אַ גְבִיר 5 רוּבְּל אוּנ דֶער פַאר וֶועט
ר אַרָאפּ שְׁלֶעפְּן דִיא זוּנְן ; דֶער גְבִיר הָאט אִיהְם בַּאלְד גֶעגֶעבְּן
אַס גֶעלְד , הָאט סַאמִיל גֶעהֵייסְן מֶען זָאל אִיהְם בְּרֵיינְגֶען אַטִישֶׁעל
יִם אַקַאטְשֶׁערֶע , אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אַרוֹיף גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיפְן
ישֶׁעל אוּנ הָאט אוֹיפְגֶעהֵייבְּן דִיא קַאטְשֶׁערֶע אִין דֶער הוֹיךְ , אוּנ
אָס גֶעקוּקְט אוֹיפְן הִימֶעל, אוּנ אַלְס דֶער גְבִיר הָאט אִים גִיפְרֶעגְט,
אַהְרוּם עֶר שְׁלֶעפְּט שׁוֹין נִיט אַרָאפּ דִיא זוּנְן , הָאט עֶר אִים
עֶנְטְפֶערְט : „זַיינְט אַזוֹיא גוּט , גִיבְּט אַייךְ דִיא קַאטְשֶׁערֶע , אוּנ
עֶפֶּעט נָאהְר אָן , אָן דִיא זוּנְן , אוּנ אִיךְ וֶועל שׁוֹין נָאכְהֶער
רָאפּ צִיהֶען“ .

## 10) דֶער גְרַאף מִיטֶען דִינֶער.

דֶער גְרַאף ב. הָאט אַמָאהְל פֶער זָאגְט זַיין דִינֶער , אַז עֶר
הְל אִיהְם אוֹיף וֶועקְן 5 אוּהְר צוּא מִיטָאג ; זֵייעֶר גוּט — הָאט
עֶר דִינֶער אִיהְם גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיהְר וֶועט אַזוֹי גוּט זַיין דַאן
קְלִינְגֶען וֶועל אִיךְ שׁוֹין אַרַיין קוּמֶען , אוּנ אַייךְ אוֹיף וֶועקְן“ .

## 11) דִיא חַלָּה.

דִיא פַּרְנַסֵי־חֳדָשִׁים , הָאבְּן אַמָאהְל גֶעשִׁיקְט דֶעם „מְשָׁרֵת־
הָל“ אַז עֶר זָאהְל אַרָאפּ גֶעמֶען בַּייא סַאמְלֶען דִיא שַׁבָּת־לֵייכְטֶער
פַאר אַ אָפְּצָאהְלוּנְג , וֶועלְכֶע סַאמִיל הָאט נִיט גֶעהַאט אוֹיף צוּא
צָאהְלֶען — סַאמִיל הָאט גֶעקוֹיפְט אַחַלָּה אוּנ הָאט דָאס גְלֵייךְ
וֶועק גֶעטְרָאגֶען אִין קָהָל־שְׁטִיבֶּעל , ווּאוּ זֵייא זַיינֶען אַלֶע גֶעזֶעסְן
רוּם אַטִישׁ אוּנ הָאט זֵייא דֶער לַאנְגְט דִיא חַלָּה — וָואס אִיז דָאס ,
אמִיל ? פְרֶעגֶען זֵייא בַּייא אִיהְם — פֶער שְׁטֵייט אִיהְר מִיךְ . — הָאט
ר זֵייא גִיעֶנְטְפֶערְט — בַּייא מִיר אִין שְׁטוּב , נֶעמְט אַלֶע שַׁבָּת

אראפ

אַראָפּ דיא לַייכְטֶער, דֶער סְטָארָאזְשׁ פָּאהְן הוֹיף, גִיב אִיךְ אִידָם
אַ „הַמּוֹצִיא חַלָה" אָבֶער פַאר אַזוֹיא פִיעל קְטָרְעזָער . . . וָואס וֶועט
דָאס זַנאצֶעגְנֶען אֵיין „הַמּוֹצִיא" ? דַארוּם הָאבּ אִיךְ אַייךְ דָא גֶעבְּרַאכְט
אַגַאנְצֶע חַלָה" . . .

## 12) עֶרְשְׁטֶע פְרַאגֶע.

וָואהְרוּם טָאהר אַ אַלְטֶע יוֹדֶענְע קַיין פֶּעטֶע זוּפּ נִיט עֶסֶען ?
ענטפער: וַוייל זיא וֶועט מֵיינֶען, אַז דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת גֵייט צוּ אִיהר*).

## 13) צְוַוייטֶע פְרַאגֶע.

פַאר וָואס קוּמְט שׁוֹין נִיט מָשִׁיחַ ?
ענט.: וַוייל דִיא יוּדֶען אַלֵיין לֵייגֶען אַלֶס אָפּ אוֹיף שְׁפֶּעטֶער, דְהַיינוּ:
פֶּסַח צוּם סֵדֶר זָאגֶען מִיר: „לְשָׁנָה הַבָּאָה בִּירוּשָׁלָיִם!" ד. ה. אַז
אִיבֶּער אַיאָהר פֶּסַח זָאהל שׁוֹין קוּמֶען מָשִׁיחַ, אוּנ נָאכְהֶער אִי
צִי הַאלְבּ יָאהר אַרוּם צוּא נְעִילָה זָאגֶען מִיר ווייטֶער: „לְשָׁנָה הַבָּאָה
בִּירוּשָׁלָיִם" לֵייגֶען מִיר שׁוֹין וַוייטֶער אָפּ אוֹיף אַיאָהר, אוּנ זָא גֵייט
עֶס וַוייטֶער אוּנ וַוייטֶער.

## 14) דְרִיטֶע פְרַאגֶע.

וָואהְרוּם רֶעדְט מֶען בַּייא יוּדֶען אַשִׁידוּךְ אוּם שַׁבָּת ?
ענט.: וַוייל עֶס אִיז נִיט קַיין קֶשֶׁר שֶׁל קַיָמָא.

## 15) פִיעֶרְטֶע פְרַאגֶע.

וֶוען פִיהְלְט אַ אַלְטֶער מַאנְן — וָואס הָאט שׁוֹין קַיין אֵיין צָאהְן
אִין מוֹיל נִיכְט — צָאהְן שְׁמֶערְצֶען ?
ענט.: וֶוען אַ הוּנְד גִיט אִיהם אַבִּיס.

---

*) וֶוען דִיא גְמָרָא זָאגְט אַז דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת אִיז פוֹלְל מִיט אוֹיגֶען.

## 16) פִינְפְטֶע פְרַאגֶע.

פְאהְן וואנֶען ווייס מֶען אַז קֹרַח מִיט זַיין סוּיטֶע זַיינֶען
גֶעוֶועֶן חֲסִידִים ?
וַוייל עֶס שְׁטֵייט אִין פָּסוּק: „רַב לָכֶם בְּנֵי לֵוִי".

## 17) זֶעקְסְטֶע פְרַאגֶע.

וָואהְרוּם זָאגְין מִיר אוּם סוּכּוֹת: זְמַן שִׂמְחָתֵנוּ ?
ענט.: וַוייל דִיא וַוייבֶּער זַיינֶען בַּיין טִישׁ נִיט דָא.

## 18) זִיבֶּעטֶע פְרַאגֶע.

וָואס אִיז דָאס, וָואס אַלֶע ווינְשֶׁען זִיךְ דָאס, אוּנ אַז מֶען
קְרִינְט דָאס, אִיז מֶען הֶעכְּסְט אוּנצוּפְרִידֶען ?
ענט.: אַלְטֶע יָאהְרֶען.

## 19) אַכְטֶע פְרַאגֶע.

פְאהְן וָואס פַאר אַמִלְחָמָה זַיינֶען אוֹיס גֶעהְדֶנְט גֶעוָואהְרֶען
זִיבְּצִיג אַפֶּערְטִיל וֶועלְט ?
ענט.: פְאהְן קַיִן מִיט הֶבֶל'עֶן.

## 20) נַייעַנְטֶע פְרַאגֶע.

וָואהְרוּם פַאר הַיינְט מֶען דִיא כַּלָּה, דִיא צוּרָה אוּנְטֶערְן
חוּפָּה ?
ענט.: כְּדֵי זִיא זָאהְל נִישְׁט זֶעהְן וִויא מֶען קוּילֶעט אִיהְר.

## 21) צֶעהְנְטֶע פְרַאגֶע.

וֶועלְכֶע יוּזֶען עֶסֶען אֵבֶר מִן הַחַי ?
ענט.: דִיא וָואכֶערְנִיקֶעס.

## 22) דֶער רַב מִיטֶען יִשׁוּבְנִיק.

אַ יִשׁוּבְנִיק אִיז גֶעקוּמֶען צוּם רַב פְרֶעגֶין, אוֹיבּ עֶר מֶעג מַאכִין
בּ״שׁר

בִּיעָר אויף פֶּסַח? גַיין! מֶען טָאהָר נִיט – הָאט אִיהְם דֶער גִיעֶנְטְפֶערְט: אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא דָאס גָאהְר נִיט – הָאט זִיךְ יִשׂוּבְנִיק אָפּ גֶערוּפֶען – דַאכְט זִיךְ אִיךְ הָאבּ אַלֶע כֵּלִים דֶער נַייעֶ, טָא וואו שְׁטֵייט דָאס, אַז מֶען טָאהָר נִיט? אִין דֶער ו שְׁטֵייט דָאךְ – הָאט אִים דֶער רַב גִיעֶנְטְפֶערְט, אַז „אַלֶע ו חָמֵץ" – „עַל בִּיעוּר חָמֵץ".

## 23) רַייבְּט אוּנ שְׁוַויינְט.

מָאטִיל הָאט אַמָאהְל גֶענוּמֶען אֶפּרוּשׁ אויף וֶועטְשֶׁע עֶר הָאט זִיךְ אִיהְם גִיהֵייסֶען גַיין וַואשֶׁען, אוּנ אַלְס דֶער ... הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט בַּיין טִישׁ, הָאט אִיהְם מָאטִיל דֶער לַ... אַ קֶעסְטִיל שְׁוֶועבֶּעלָאךְ, זָאגֶענְדִיג דַאבַּייא צוּא אִיהְם: „רֵ... אוּנ שְׁוַויינְט"!

## 24) אַחָכְמָה פוּן אַחָכָם.

צוּא ר' אמ"ד הָאט זִיךְ אַיינְגֶעגְנָארְזֶעט אַבֶּעטְעֶר – וָואס ו אויף חֲתוּנוֹת – אוּנ וַוייל עֶר הָאט גוּט גֶעוואוּסְט אַז ר' אמ"ד ו אויף חֲתוּנָה נִיט גַיין, פְּלֶעגְט עֶר אִיהְם דַוְקָא בֶּעטִין, אויף חֲתוּנוֹת, נוּהְר אוּם צוּ בֶּעקוּמֶען בַּייא אִיהְם עֶטְלִיכֶע קָאפֵּי פַארֶען בֶּעטִין, ר' א"מ הָאט זִיךְ אָבֶּער אַעֵצָה גִיגֶעבֶּין וִויא אִיהְם פָּטוּר צוּא וֶוערֶען, דֶען אַלְס עֶר אִיז אַמָאהְל גֶעקוּמֶען אִיהְם, אִיהְם בֶּעטִין אויף אַחֲתוּנָה, הָאט עֶר אִיהְם בִּיג... אַגִילְדֶען, אוּנ בֶּעט בַּייא אִיהְם אוֹיס גָאבּ, „אִיךְ הָאבּ נִיט" – ... דֶער בֶּעטֶער צוּא אִיהְם – נוּא טָא גַייט אוּנ פַּייט אָפּ, – הָאט אַ... ר' א"מ גֶעהֵייסֶען – דֶער בֶּעטֶער אִיז אַרוֹיס, אוּנ אִיז שׁוֹין מֶ... צוּא אִיהְם נִיט גֶעקוּמֶען.

## 25) שְׁמֶערִיל אוּנ פַּייטִיל.

שְׁמֶערִיל: וָואס אִיז דִיא מַעֲשֶׂה מִיט דִיר פַּייטִיל, וָואס שְׁרַייסְט נִיט „חַדֵּשׁ יָמֵינוּ כְּקֶדֶם!"?

פייטיל

פּיטיל: אַי! וואָס פאַר אַנאַר דוא בּיזט; פריער בּין איך געווען אַזאַמד פּיהרער, אונ יעצט בּין איך אַיוד אַגָגיד, אונ אַ גבּאַי אין שוהל.

## 26) אַוואָרט פאָהן אַבּעטער.

אַבּעטער האָט דער לאַנגט אַיינעם אַנגיד פיער חתונה־קאָרטעס אויף איין מאָהל; „אויף וועלכע זאָהל איך פריער גיין?" — פרעגט איהם דער גגיד — גייט אויף אַלע פיער!" —האָט איהם דער בּעטער געענטפערט.

## 27) דער געטץ בּיין רב.

אַגעוויסער כוהר כּשה געטץ האָט געהאַט אַדין תּורה מיט נאָך צייניגע כוהרים, אונ וויא דער שטיינער איז פאָהן אוננזערע יודען, האָבּען זיך דיא בּעלי דינים צוא שלאָגען בּיין רב אין שטוב, אויף עם האָט איינער געזאָגט: „מה ראָך, אַז בּיין רב אין שטוב האָט מען אָנגעשלאָגען אַנגעטץ, טא וואָס זאָהלען שוין אַלע יודען טאָהן?"

## 28) דער פראַנצאָזישער אָפיציער.

אַפראַנצאָזישער אָפיציער, וועלכע פלעגט אַלע מאָל, —ווען ער פלעגט זיך וועטין מיט נאָך אַיינעם – געווינען דעם וועט; איין מאָהל, אַלס מען האָט איהם נאָנגעצעט אין אַ 2־טין פאָלק, האָט איהם זיין נייער געגעראַל געפרעגט, צוא דאָס איז אמת, וואָס מען זאָגט אויף איהם, אַז ער וועט קיין מאָהל קיין געוועט ניט אָן?

– יא, מיין העהר, — האָט איהם ווערדע געענטפערט.

– אונ וויא אַזוי קען דאָס געבּין?

– ווייל איך קען חכמת־הפּרצוף.

– נוא, אונ וואָס זעהסט דוא אויף מיר? —האָט איהם דער גענעראַל געפרעגט.

– איך זעה אויף דיר -- האָט איהם ווערדע געענטפערט – אז

אַז דִיא וואוּנְדֶען, װעלְכֶע דוּא הָאסְט גֶעקְרָאגֶען אִין דֶער מִלְחָמָה, הָאבֶּען זִיךְ יֶעצְט אָפּ גֶעפְרִישְׁט, אוּנ דוּא לַיידֶעסְט שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁמֶערְצִין דַאפָּאהֶן.

— װָער, אִיךְ? הָאט דֶער גֶענֶעראַל פֶערְוואוּנְדֶערְט נִיפְּרֶעגְט — אִיךְ פֶערְוואוּנְדֶעט?... עֶס אִיז אַבְּלוֹיזֶער לִיגֶענְד.

— אָבֶּער...

— אוּנ אִיךְ זָאג, הָאט דֶער גֶענֶעראַל אִיבֶּער גֶעשְׁלָאגִין זַיינֶע רֵייד — אַז אִיךְ בִּין קַיין מָאהל פֶערְוואוּנְדֶעט נִיט גֶעוֶוען, אוּנ יֶעצְט גֶעווִיס נִיט, אַלְזָא לָאמִיר זִיךְ װֶעטִין.

— אִין וִויפִיעל? פְרֶעגְט ווֶערֶדע.

— אִין פִינְף הוּנְדֶערְט פְרַאנְק.

— זָאל זַיין אַזוֹיא.

זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעוֶועט, אוּנ דֶער גֶענֶעראַל הָאט אִיהְם אַרַיין גֶעפִיהְרְט אִין אַבֶּעזָאנְדֶערֶען צִימֶער, אוּנ הָאט זִיךְ אוֹיס גֶעטָאן מוּטֶער נַאקֶעט, אוּם דָאס ווֶערֶדע זָאל זֶעהֶן, אַז עֶר הָאט פֶער שְׁפִּיעלְט דֶעם ווֶעט.

— „נוּא! ווֶערֶדע אָנְגֶעווָאהְרֶען! — הָאט דֶער גֶענֶעראַל טְרִיאוּמְפִיהְרֶענְד אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן —

—יַא, מַיין הֶער אִיךְ הָאבּ פֶער שְׁפִּיעלְט.

גְלַייךְ דַארוֹיף הָאט דֶער גֶענֶעראַל אַוֶועק גֶעשִׁיקְט אַבְּרִיעף צוּא ווֶערֶדעס עֶרְשְׁטִין גֶענֶעראַל, אִין דֶעם בְּרִיעף שְׁרַייבְּט עֶר אִיהְם: אַז בַּייא אִיהְם הָאט שׁוֹין ווֶערֶדע נִיט גֶעוואוּנֶען; נָאהְר ווִיא פֶער וואוּנְדֶערְט אִיז עֶר גֶעווָאהְרֶען, עֶרְהַאלְטֶענְדִיג צוּרִיק אַ עֶנְטְפֶער מִיט דֶעם אִינְהַאלְט: „לִיעבֶּער פְרַיינְד! מִיט גְרוֹיס וואוּנְדֶער הָאבּ אִיךְ דַיין בְּרִיעף גֶעלֶעזֶען, דֶען אֵיידֶער ווֶערֶדע אִיז אַוֶועק פוּאהְן מִיר, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוֶועט מִיט מִיר אִין 2 טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, אַז עֶר ווֶעט דִיר בַּייטִין זִיךְ אוֹיס צוּא טָאהְן פַאר אִיהְם מוּטֶער נַאקֶעט, װעלְכֶעס פֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ, אַז עֶר הָאט

צם אן געוואהרען פינף הונדערט פראנק, האט ער אבער ביי
יד געוואונען 2 טויזענד פראנק“.

## 29) אקלוגער דינער.

אלס ביא דעם גראף ט. איז געוועזען אגרויס ארטיגער באלל, האט זיך אליכט אנגעפאנגען צוא שמעלצין, דער גראף האט עשיקט אריין רופען דעם דינער, אום דאס ער זאל אפ שנייצין עם קנויט, ארויס גייענדיג פאהן זאל האט זיך דער דינער טראסענע פונ'אנדער געלאכט, זאגענדיג דאבאיי: „אזא שטוב יט מענטשען, און קיינער קען אליכט ניט אפ שנייצין“.

## 30) ניט קיין היגער.

איך פער שטעה נאר נישט — האט איינער געזאגט צוא נאך יינעם — עס איז דאך שוין האלב חדש, און דיא לבנה איז נאך ים דא? וואס פרעגט איהר ביא מיר — האט איהם יענער יענטפערט — „איך בין ניט קיין היגער“.

## 31) ניכט פערלאהרען.

אמאטראז האט געפרעגט בין קאפיטאן: „איזט איינע זאכע ערלאהרען ווען מען ווייס וואו זיא איז?“ ניין! — זאגט דער קאפיטאן — „נוא, ווען זא? ענטפערט דער מאטראז — איזט אונזער טהעע-קאנן ניכט פערלארען דען זיא ליגט אויפען גרונד פאהן מעער“.

## 32) אזעלטענע קללה.

גנואלד! וואס טוהט מען? האט איין מארק יודענע געזאגט צוא ריא צווייטע, דיא מייז האבען צוא שלעפט ביי מיר אפשר אשאק קפעל — אזויא פיעל יאהר זאהלען זייא ליגען אין הקדש, וויא
פיעל

פיעל זייא האבען בייא מיר מעהרער צוא שלעפט וויא אשאק"–
האט איהר דיא צווייטע גיענטפערט.

## 33) אוואזשנע חתנה.

עס איז עפעס געווען דארטען אשיינע חתנה? – האט איינער
בייא נאך איינעם געפרעגט – סטאיטש! אחתנה – האט ער איהם
גיענטפערט – עס איז געווען טיש אונ בייניק וויא האלץ – מים
אחרונים –וויא וואסער – פיש אונ פלייש – „עין לא ראתה".

## 34) א ענטפער פאהן אפיאניצע.

וויא קענסט דוא דאס טרינקען אזויא פיעל בראנפען? –
האט מען געפרעגט בייא אפיאניצע – פאר שטייט איהר – האט
ער גיענטפערט – וויא איך נעם אגוטין שנאפס, ווער איך גאהר
א אנדרער מענש, נוא, דער אנדערער מענש דארף דאך אויך
מאכען אשנאפס.

## 35) אקעכין א ענגעל.

–מאמא! – האט אקינד געפרעגט בייא דיא מוטער – וואס
איז דאס אמלאך?

– אענגעל האט איהם דיא מוטער גיענטפערט.

–אונ וואו געפינט זיך א ענגעל?

–אין הימעל, מיין זאהן.

–יע! – האט דאס קינד גיענטפערט – אז דער פאפא קושט
אונזער קעכין, רופט ער איהר אויך: „מיין ענגעל".

## 36) אווארט פון א ארעמאן.

„איהר גיט מיר א נדבה צוא ניט? – האט א ארעמאן
געזאגט צוא א גביר – אז ניט וועט איהר ארנער מאכען" וואס
קענט

קֶענְט אִיהְר מִיר טָאהְן, וָוען אִיךְ וָועל אַייךְ נִיט גֶעבִּין ? פְרֶעגְט אִיהְם דֶער גְבִיר – פַער שְׁטֵייט אִיהְר – הָאט אִיהְם דֶער אָרֶעמַאן גִיעֶנְטְפֶערְט – אִיךְ בִּין דָאךְ דֶעם דַלוּתְ'עם אַשְׁלִיחַ; אִיז, אוֹיבּ אִיהְר וָועט מִיר נִיט גֶעבִּין, וָועל אִיךְ שִׁיקֶען דֶעם דַלוּת אַלֵיין צוּא אַייךְ.

## 37) דֶער גַנָב.

מֶען הָאט גֶעפְרֶעגְט בַּייא אֵיינֶעם: „פַאר וָואס נֶעמְט עֶר אַסַפֶּר אִין הַאנְד נִיט אַרַיין ?" הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט: „אִיךְ בִּין אַמָאל גֶעזֶעסִין (אִין טְוּרְמַא) אִיבֶּער אַסַפֶר אִיז מִיר נִיט גוּט גֶעוָואהְרֶען".

## 38) אוּנְטֶער דִיא אוֹיגֶען.

מָאטִילְס וַוייבּ אִיז גֶעקוּמֶען צוּא קָהָל מַסוּפֶ'ען אוֹיף מָאטְלֶען: אַז עֶר הָאט אִיהְר גֶעשְׁלָאגֶען מַכּוֹת אַכְזָרִיוּת, אוּנ הָאט אִיהְר אוּנְטֶער גֶעשְׁלָאגֶען דִיא אוֹיגֶען; קָהָל הָאבִּין גְלַייךְ גֶעשִׁיקְט רוּפֶען מָאטְלֶען, אוּנ הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט: וָואהְרוּם שְׁלָאגְט עֶר זַיין וַוייבּ ? אִיךְ פַער שְׁטֶעה דָאס גָאהְר נִיט – הָאט עֶר זִיךְ אָפּ גֶערוּפֶען – אַז זִיא אִיז אַזֵיינֶערְקֶע, בִּין אִיךְ דָאךְ אַזֵיינֶער, נוּא, אַז עֶס קוּמְט דִיא שְׁעָה שְׁלָאג אִיךְ. אָבֶּער, וָואס הָאסְט דוּא אִיהְר נָאךְ אוּנְטֶער גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְטֶער דִיא אוֹיגֶען ? פְרֶעגִין אִיהְם קָהָל – „אוּנְטֶער דִיא אוֹיגֶען מֶעג אִיךְ אֲפִילוּ דֶעם רַב אוֹיךְ שְׁלָאגֶען" – הָאט זַייא מָאטִיל גִיעֶנְטְפֶערְט.

## 39) דֶער רַבִּי מִיטֶען מַלְאַךְ הַמָוֶת.

אַ חָסִיד אִיז גֶעקוּמֶען צוּם רַבִּין, אוּנ הָאט אִיהְם עֶרְצֵייהְלְט אַז זַיין וַוייבּ אִיז גֶעפֶעהְרְלִיךְ קְרַאנְק; „גֵייא אַהֵיים – הָאט אִיהְם דֶער רַבִּי גֶעזָאגְט – זִיא וָועט זַיין גֶעזוּנְד"; אִין אַפָּאר טֶעג אַרוּם, קוּמְט דֶער זֶעלְבִּיגֶער וַוייטֶער צוּם רַבִּין, אוּנ זָאגְט: „רַבִּי, מַיין

וַוייבּ

ווייב איז שוין געשטארבען" הײנט וואו זײנען אײערע רייד ? איך
בין אין דעם נאהר ניט שולדיג — האט איהם דער רבי,
געענטפערט — איך האב זיך געראנגעלט מיטען מלאך-המות
אונ האב צוא גענומען בײא איהם דעם שווערד, נור, ער האט
דאס נאהר ניט געהערט, אונ האט איהר דער שטיקט מיט דיא
האנד, נוא בין איך אין דעם עפעס שולדיג ?

## 40) אקלוגער ווארט.

אין דייטשלאנד אויף אבאלל איז געזעסען א פאר ברענטטער
אנטי-סעמיט אין טיש, אונ האט אוים גערעדט אויף יודען דיא
גאל, אנטקעגען איהם איז געזעסען אידישע מאדאם, אונ אלס
זיא האט גראד יענטאלט אנענעץ געטאהן, האט ער זיך אפגערופען
מיט אנעלעכטער : איהר זעהט, דאס דיא יודין — האט יעצט
געפינט אמויל מיר איינצושלינגען". „איהר איהרט זיך מיין הערר
— האט זיא איהם געענטפערט : ווייסען זיא דען ניכט, אז אונז
איז פער באטען שווינע פלייש צוא שלינגען".

## 41) א רבי'ס אווארט.

מען האט געפרעגט בײא אין חסידישען רבי'ן פאהן וואגען
ווייסען מיר אז עס דארף זיין „קידוש במקום סעודה?" ווייל עס
שטייט — האט דער רבי געענטפערט — „את הכבש אחד" אונ כב"ש
מאכט : „קידוש במקום סעודה".

## 42) מה נשתנה.

אגעוויסער יודישער געלעהרטער האט געזאגט : „בײא יודען
איז שוין אזוי איינגעוואהנט, אז עס זאהל אין קיין זאך, קיין
שום סדר ניט זיין — איז דער פאר, אז עס קומט פסח, אונ מען
דער זעהט עפעס פארט אשטיקעלע סדר . . . פרעגט מען גלייך
דיא גרויסע קלאץ קשיא : „מה נשתנה?"

דוא

## 43) דיא קְלוּגֶע כַּלָה.

דוּא נַארְר אֵיינֶע! –הָאט אַמוּטֶער גֶעטְרֵייסְט אִיהְר טָאכְטֶער בִּשְׁעַת חוּפָּה – וָואס וֵויינְסְט דוּא? אַמָאן אִיז דָאךְ גִיט קֵיין בֶּער, וִויא אִיז גֶעוֶוען אַז אִיךְ הָאבּ חֲתֻנָּה גֶעהַאט בִּיטֶען טַאטִין? „אַזוֹיא? – הָאט זִיךְ דִיא כַּלָה אָפּ גֶערוּפֶען – הָאסְטוּ דוּא דָאךְ חֲתֻנָּה גֶעהַאט מִיטֶען טַאטִין, אוּנ אִיךְ הָאבּ יֶעצְט חֲתֻנָּה נָאהְר מִיט אַפְרֶעמְדִין פַאנְסְבִּילְד".

## 44) נִיט קֵיין אֵייגֶענֶע הָאאָר.

בַּייא אַ סוֹחֵר – בַּייא וֶועלְכִין עֶס אִיז גֶעוֶוען אַפּוּלֶע קָאפְּף מִיט פֶּעדֶערִין אָן גֶעשְׁטֶעקְט – אִיז גֶעפְרֶעגְט גֶעוָואהְרֶען: וָואהְרוּם קָאמְט עֶר זִיךְ נִיט אוֹים דִיא הָאאר – פַאר שְׁטֵייט אִיהְר – הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט – „אִיךְ בִּין אַזַא בַּעַל־חוֹב אַז דִיא הָאאר פָאהְן קָאפְּף זֵיינֶען נִיט מֵיינֶע, הַיינְט נָאךְ וָואס זָאהְל אִיךְ קֶאמֶען פְרֶעמְדֶע הָאאר".

## 45) אַוואַזְשֶׁנֶער רָאשֵׁי תֵּיבוֹת.

אַחָסִיד, קַלְמָן, אִיז גֶעקוּמֶען צוּם רַבִּי'ן, זָאגְט דֶער רַבִּי צוּא אִיהְם: „מֵיין קִינְד טְהוּא תְּשׁוּבָה", פַאר וָואס, רַבִּי? פְרֶעגְט אִיהְם דֶער חָסִיד; וַוייל „קַלְמָן" –עֶנְטְפֶערְט אִיהְם דֶער רַבִּי – מַאכְט אִין רָאשֵׁי תֵּיבוֹת: „כָּזַבְנוּ, לַצְנוּ, מָרַדְנוּ, נִאַצְנוּ", סְטַאיִטְשׁ, רַבִּי! –זָאגְט דֶער חָסִיד – „קַלְמָן" אִיז דָאךְ גָאהְר מִיט אַקוּ"ף, אוּנ „כָּזַבְנוּ" אִיז מִיט אַכָּ"ף; פֶער שְׁטֵייסְט דוּא מִיךְ מֵיין קִינְד –הָאט אִיהְם דֶער רַבִּי גִיעֶנְטְפֶערְט – רַשִׁ"י זָאגְט אִין אָנְהֵייבּ פ' חַיֵּי שָׂרָה: „בַּת ק' כְּבַת כ'" דָאס הֵייסְט, אַז אַ ק' מִיט אַ כ' אִיז אַלְם אֵיינְס.

## 46) אַבֵּייסֶענְדֶער וָוארְט.

אִין אַגְרוֹים אַרְטִיגֶען גֶעזֶעלֶענְשַׁאפְט, אִיז גֶעפִיהְרְט גֶעוָואהְרֶען

אדיספוט

אדיספוט וועגן תלמוד: דער תלמוד איז נאך מיינונג נאך -האט זיך אפביילין אפ גערופען - גיזשע קריטיקי *); און וואהרום? -האט איהר איונגער העררר געפרעגט - „ווייל אין דעם תלמוד ווערט געשפראכען, און עס איז זאגאר דא זאגען וועגען שדים און געשפענסען (מתים) וועלכע מיר ווייסען יעצט געווים, אז זייא געפינען זיך גאהר אויף דער וועלט נישט" - האט זיא איהם גיענטפערט — נוא און איהר זעלבסט האט וען געזעהן אויף אויף איער לעבן אשד? פרעגט איהר דער הער -געוויס ניט!- האט זיא איהם גיענטפערט - „מיר איז. אוואונדער -האט זיך דער העררר ווייטער אפ גערופען צו איהר - אז איהר אזא געבילדעטע פריילען האט קיין מאהל, אין קיין שפיעגעל געקוקט.

## 47) דרייא משה'ס.

איינער אבעוואוסטער גביר, וועלכען מען האט גערופען משה - דער גביר איז געוועזן זייער אגראבער מאנש - האט געזאגט: „דרייא משה'ס איז געוועזן אויף דער וועלט: איך, און משה רבינו, און מיין ברודער האצקיל".

## 48) אתורה ווארטיל.

דעם זעלבינגען גביר, האט אמאהל זיין ווייב, איהם דער לאנגט עסען, און האט איהם פאר געסין צוא געבין אלעפיל — „אי! מיין ווייב -האט ער זיך אפגערופען - דיא מלכים וועלען לאבען פאהן דיר", וואס איז? -פרעגט זיא איהם - עס שטייט אין פסוק -האט ער איהר גיענטפערט - לא הניח לאיש לאזשקע לעשקם

*) „גישע קריטיקי" הייסט: עס איז נאך נידעריגער פאהן צוא קריטיקירען, אזויא אז עס איז גאהר נים כדאי צוא ריידען וועגען דעם. ד״ס.

לֶעשְׁקֶם): אז מֶען לַייגט ניט אַוֶועק דֶעם מַאן קַיין לֶעפִּיל — „וִיזְבַּח עֲלֵיהֶם מְלָכִים" הַאקְאצֶען אויף דֶעם דיא מְלָכִים.

## 49) אַגְבִיר אַבּוּר.

דֶער זֶעלְבֶּער הָאט אַמָאהְל שַׁבָּת נָאךְ פֶּסַח — אַלְם מֶען הָאט גֶענוּמֶען לַייֶענֶען דיא „הַפְטוֹרָה" – אַפַּאטְשׁ גֶעשְׁטַאהן אִין שְׁטַאנְדֶער, אוּנ צוּא נָליידְ אַנְגֶעשְׁרַייא גֶעטָאהְן: אַךְ! נוּא! עֶס שְׁטֵייט דָאךְ: „אֵין מַפְטִירִין אַחַר הַפֶּסַח" מֶען לַייֶענְט נִיט קֵיין מַפְטִיר אוּם שַׁבָּת נָאךְ פֶּסַח".

## 50) אַגֶעשְׁפְּרֶעךְ וֶועגִין יֵצֶר הָרָע.

– וָואס זָאגְסְט דוּא? — הָאט אֵיינֶער גֶעפְרֶעגְט בַּיין צְווייטֶען
– וָואס אִיז דֶער יֵצֶר הָרָע? אַ חָסִיד צוּא אַ מִתְנַגֵד?
– גֶעווִיס אַ חָסִיד — הָאט אִיהְם יֶענֶער גֶיעֶנְטְפֶערְט.
– פַאר וָואס?
– ווייל מֶען זֶעהְט אִיהְם אָפְט בַּיין רַבִּי'ן".

## 51) אַגְרוֹיסֶער פֶערְדִינֶער.

אַ אָרֶעם בָּחוּר הָאט זִיךְ אָן גִינֶעבִּין אִין נַבְן. אַז עֶר פֶער דִינְט 5 רוּבֶּעל אַטָאג, אוּנ אַלְם דֶער שְׁוֶוער הָאט אִיהְם נָאךְ דֶער חֲתֻנָּה – גֶעפְרֶעגְט: וָואהְרוּם גֵייט עֶר שׁוֹין נִיט אַרוֹיס פֶער דִינֶען דיא פִינְף רוּבֶּעל? — הָאט עֶר אִיהְם גֶיעֶנְטְפֶערְט — וואַרְט, עֶס אִיז דָאךְ נָאךְ נִיט פּוּרִים; פּוּרִים אַיְדְּ וֶועל אִיךְ לַייֶענֶען דיא מְגִלָּה, אוּנ הָעל טְרָאגֶען מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת, וֶועל אִיךְ דַאן פֶער דִינֶען דֶעם טָאג אֶפְשַׁר פִינְף רוּבֶּל.

## 52) דָאס גֶעזֶעגֶענֶען זִיךְ.

מָאטִיל אִיז אַמָאהְל אַרַיין צוּא אַ גְבִיר, אוּנ זָאגְט צוּא אִיהם

אִיהם „זַיינט גֶעזונד ר' ש. ! אִיךְ פָאהר שׁוֹין אָפּ פָאהְן ווילְנָא, אַלְזָא גִיט מִיר עָפֶּעס אויף דֶער הוֹצָאָה". אִיךְ הָאבּ יֶעצְט קֵיין קְלֵיין גֶעלְט נִיט בַּייא זִיךְ – הָאט אִיהם דֶער גְבִיר גִיעֶנְטפֶערְט – עֶרְהָערֶענְדִיג דֶעם עֶנְטפֶער, אִיז מָאטִיל בַּאלְד אַרוּים פָאהְן שְׁטוּבּ; אִין אַוויילֶע אַרוּם קוּמְט עֶר ווִידֶער אַרֵיין צוּם גְבִיר אוּנ זָאגְט צוּא אִיהם: ווַייסְט אִיהר ר' ש. אִיךְ הָאבּ מִיךְ מְיַשֵּׁב גֶעוֶועזְ אַז מִיר לוֹינְט נִיט אָפּ צוּא פָאהְרֶען פָאהְן ווילְנָא, אַלְזָא זַייְנְט שׁוֹין גִיט גֶעזוּנְד".

## 53) אַסְגֻלָּה צוּא וֶוערִין יוּנְגֶער.

ווִיא אַלְט זַיינֶען זִיא? – הָאט אַהֶערְר גֶעפְרֶעגְט בַּייא א פְרֵיילִין – זִיעבֶּענְצֶעהְן יָאהְר – הָאט זִיא גִיעֶנְטפֶערְט. אִין אַיָאהְר אַרוּם פְרֶעגְט עֶר אִיהְר ווִידֶער: ווִיא אַלְט קֶענֶען זִיא זַיין? זֶעכְצֶעהְן יָאהְר – הָאט זִיא דְרֵייסְט גִיעֶנְטפֶערְט – „נוּא ווֶעז זָא – הָאט דֶער הֶערְר גֶעזָאגְט – אִיז צוּא הָאפֶּען, דָאס אִין אֵיינִיגֶע יָאהְר אַרוּם וֶוערְדֶען זִיא אַקְלֵיינֶעם מֵאדְכֶען וֶוערֶען".

## 54) אַ אֶמֶת'ער ווָארְט.

אַ חָסִיד אִיז גֶעקוּמֶען צוּם רַבִּי'ן בֶּעטִין אויף קִינְדֶער, זָאגְט דֶער רַבִּי צוּא אִיהם: גֵייא אַהֵיים, אִיבֶּער אַיָאהְר אִין דֶער צֵייט ווֶעט דַיין ווַייבּ הָאבֶּען אַיוּנְגֶעל; אויף אִיבֶּער אַיָאהְר, אִיז דֶער זֶעלְבֶּער ווִידֶער גֶעקוּמֶען צוּם רַבִּין, אוּנ דֶער צֵייהְלְט אִיהם: אַז זַיין ווַייבּ הָאט נָאהְר גֶעהַאט צְווַייא מֵיידְלַאךְ מִיט אֵיין מָאהְל; „פֶער שְׁטֶעהְסְט דוּא – הָאט אִיהם דֶער רַבִּי גִיעֶנְטפֶערְט – אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהְן אִין הִימְמֶעל שְׁטֵייט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַז דַיין ווַייבּ ווֶעט הַיינְטִינְס יָאהְר הָאבֶּען אַבֵּן, נָאהְר אַז דֶער „בֵּ"ן" אִיז גֶעוֶועזֶען פֶער שְׁטְרִיכֶעלְט, אוּנ הָאט נָאהְר אַלְזָא גֶעמַאכְט: בּ' נְקֵיבוֹת, דָאס הָאבּ אִיךְ נִיט בֶּעמֶערְקְט".

דיא

## 55) דִיא מַייז.

דִיא מַייז הָאבֶּען זִיךְ אַמָאהְל צוּא נוֹיף גֶעקְלִיבֶּען, אוּם זִיךְ אַ עֵצָה צוּא גֶעבֶּען, וִויא בֶּעוָוארֶענְט מֶען זִיךְ מִיט דִיא קַאטְץ, אֵיין מַייז הָאט זִיךְ אָפּ גֶערוּפֶען: דִיא בֶּעסְטֶע זַאךְ אִיז, אַז „מֶען זָאהְל אוֹיף הֵיינֶגען בַּייא דִיא קַאטְץ אוֹיפֶען הַאלְדְז אַ גְלֶעקִיל, אוּם דָאס מֶען זָאהְל עֶרְהָארִין אִיהְר גַאנְג, אוּנ דַאהֶער וֶועט מֶען שׁוֹין גִיכֶער אַנְטְלוֹיפֶען“, דִיא עֵצָה אִיז אַלֶע מַייז גֶעפֶעהְלֶען גֶעוָואהְרֶען, נוּהְר עֶס הָאט זִיךְ קֵיינֶער נִיט גֶעפוּנֶען, וֶוער עֶס זָאהְל גֵיין „דִיא קַאטְץ אוֹיף הֵיינֶגען דֶעם גְלֶעקִיל“.

דֶער מָשָׁל קֶען דִינֶען פַאר אַפוּלֶע מֶאנְשֶׁין.

## 56) דִיא קְלֵיינֶע קִיבֶע.

דֶער דַייטְשֶׁער קֶאנִיג קַארְל דֶער פִינְפְטֶער אִיז גֶעקוּמֶען צוּא אֵיינֶעם פָאהְן זַיינֶע מִינִיסְטָארֶען, עֶס הָאבֶּען זִיךְ בַּייא אִיהְם אִין וְואהְנוּנְג גֶעפוּנֶען גְרוֹיסֶע צִימֶערֶען, אוּנ גְרוֹיסֶע זָאלֶע, נוּהְר אֵיין זַייעֶר קְלֵיינֶע קִיבֶע; אוּנ אַלְס דֶער קֶאנִיג הָאט אִיהְם דִיא אוּרְזַאךְ דַאפָאהְ גֶעפְרֶעגְט, הָאט עֶר אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט: „מַיין קְלֵיינֶע קִיבֶע הָאט מַיינֶע זָאלֶע גְרוֹים גֶעמַאכְט“.

## 57) דֶער שְׁפַּאנְיֶער.

אַ שְׁפַּאנִישֶׁער יוּנְגֶער מַאן אִיז מִיט אַ צוּפַאל גֶעקוּמֶען אִין אוּנְזֶער גֶעגֶענְד, אוּם וִוינְטֶער, אִין דִיא גְרוֹיסֶע פְרֶעסְט; אוּנ אַלְס עֶס אִיז אִיהְם אוֹיס גֶעקוּמֶען דוּרְךְ צוּא גֵיין דוּרְךְ אַדָארְף, זַיינֶען אוֹיף אִיהְם אָנְגֶעפַאלֶען אַבַּאנְדֶע הִינְד, דֶער שְׁפַּאנְיֶער הָאט זִיךְ אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען צוּא דֶער עֶרְד, אוֹיף צוּא הוֹיבֶּען אַשְׁטֵיין, זַייא אָפּ צוּא טְרַייבֶּען פָאהְן זִיךְ, עֶר הָאט אָבֶּער דֶעם שְׁטֵיין נִיט גֶעקָאנְט רִיהְרֶען פָאהְן אָרְט — זֶעלְבְּסְט פֶער שְׁטָאנְדְלִיךְ,

ווייל

ווייל עָס וואר אַייְנְגֶעפְֿראָרֶען – „אַךְ! פֶער פְלוּכְטֶעס לַאנְד! – – הָאט עֶר מִיט אֶרְגֶער אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן – דָא וואוּ מֶען דִיא שְׁטֵיינֶער אַנְבִּינְדֶען, אוּנ דִיא הוּנְדֶע לוֹיז לַאסֶען".

## 58) דֶער לִיגְנֶער.

אִין אַ גֶעזֶעלֶענְשַׁאפְט, הָאט זִיךְ אַיוּנְגֶער מַאן בֶּערִיהְמְט אַז עֶר אִיז אוֹיס גֶעוועֶן גַאנְץ אֵייְרָאפָּא, אוּנ גֶעהַאט אוֹיפְּטְרַאגֶע מִיט דִיא גְרֶאסְטֶע מֶאנֶער. אוּנ מִיט דִיא דַארְדאַנֶעלֶען הָאט אִיהְר זִיךְ גֶעזֶעהֶן? הָאט אִיהְם אֵיינֶער פְֿאָהֶן דִיא קָאמְפַּאנְיֶע גֶעפְרֶעגְט; – „סְטַאיטְשׁ גֶעזֶעהֶן"! – הָאט אִיהְם דֶער יוּנְגֶער מַאן גִיעֶנְטְפֶערְט – „אִיךְ הָאבּ מִיט זַייא זָאגַאר וויפִיעל מָאהְל מִיטָאג גֶעשְׁפַּייזְט אִין אֵיינֶעם".

## 59) אַפְּרָאסְטֶער חַי וְקַיָם.

פְֿאר צַייטֶען אִיז גֶעוועֶן דֶער מִנְהָג, אַז אִין דִיא שַׁבָּתִים וָואס מֶען פְלֶעגְט זָאגֶען „יוֹצְרוֹת", פְּלֶעגְט מֶען מְכַבֵּד זַיין אַיינֶעם מִיטֶען אוֹיס שְׁרַייעֶן דֶעם: „חַי וְקַיָם"! אֵייְנְמָאהְל אַלְס דֶער שַׁמָשׁ אִיז צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּא אֵיינֶעם אַנְדָראבִּין יִשׁוּבְנִיק אִיהְם מְכַבֵּד זַיין מִיט דֶעם כִּבּוּד, פְּרֶעגְט אִיהְם דֶער יִשׁוּבְנִיק, וָואס פַאר אַ חַי וְקַיָם אִיז הַיינְטִיגֶער שַׁבָּת, צוּא „בִּגְזֵרַת" צוּא „בְּסוּכַּתוֹ"– נִין, –עֶנְטְפֶערְט אִיהְם דֶער שַׁמָשׁ: אַפְּרָאסְטֶער „חַי וְקַיָם", אַלְס עָס אִיז גֶעקוּמֶען צוּם אוֹיס שְׁרַייעֶן, הָאט דֶער יִשׁוּבְנִיק אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן: „אַפְּרָאסְטֶער חַי וְקַיָם!"!.

## 60) דִיא נַבָּאִים מִיטֶען רַב.

אִין אַ שְׁטֶעדְטִיל אִין דַייטְשְׁלַאנְד, הָאט מֶען גֶעמַסוּרְט דִיא גַבָּאִים, אַז זֵייעֶר רַב פָארְט אוּם שַׁבָּת – אוֹיבּ אַזוֹיא? – הָאבֶּען זַייא גִיעֶנְטְפֶערְט – „אִיז עֶר דָאךְ גֶעווָאהְרֶען אַגְרָאסֶער בעל

בעל־הוצאה, דארף מען אים האבערן די שכירות".

## 61) א ענטפער פאהן א רב.

זאגט מיר רבי, — האט איינער געזאגט צוא א רב — די גמרא זאגט דאך אז: „צדיקים כל זמן שמזקינין דעתן מיושבת עליהם" — ד׳ ה׳ די צדיקים וואס זיא ווערין מער אלטער, ווערין זייא אלס קליגער, אונ די רשעים וואס זייא ווערין אלטער, ווערין זייא אלס נארעשער, — טא וויא קומט עס אז די ספרים וועלכע איהר האט יעצט ארויס געגעבין זיינען ארגער פאר די, וועלכע איהר האט געשריבען יונגערהייט? „אט דאס איז דאך טאקע די אורזאך — האט איהם דער רב געענטפערט — וואס איהר זיינט אלטער געוואהרען".

## 62) אקלוגער ענטפער.

דער קאניג פרידריך דער גרויסער, האט ספאטרעווענדיג זיינע זאלדאטען, בעמערקט אז בייא אידישע קליינעם זאלדאט, זיינען די שטיוועל צוא ריסען, אונ אלס ער האט בייא איהם געפרעגט: וואהרום איז בייא אלעמען גאנץ די שטיוועל, נוהר בייא איהם איינעם איז צוא ריסען? — האט ער איהם געענטפערט — ווייל יענע זיינען גראסער פאהן מיר, אז די שטרעקע וועלכע זייא גייען אפ פערציג טריט, דארף איך געבין זעכציג טריט, דער פאר איז בייא מיר מעהר צוא ריסען וויא בייא אלעמען.

## 63) דער קידוש.

א ישובניק האט געבעטין בייא זיין אינגעלס רבין אז ער זאהל איהם אויס לערנען קידוש מאכין, נוהר דער אינגעל האט געהאט זייער א גראבע קאפף, אונ דער רבי האט איהם בשום אופן ניט געקאנט אויס לערנען דעם קידוש, אלזא האט

זיך

זיך דער רבי א עצה געגעבן, און האט איהם איינגעחזרט אויף דעם אופן: „יום" איז איוואן, „הששי" איז סטעפאן, „ויכלו" איז וואנקא, און זא כסדר דעם גאנצען קידוש האט ער איהם איינגעחזרט, אויף דיא נאמען פאהן גוים פאהן זיין דארף. און האט איהם אזויא אויס געלערענט דעם „קידוש": איינמאהל מאכט ער אין דער היים „קידוש" אזויא: „יום ניכלו השמים וכו'", פרעגט דער טאטע ביי איהם: וואס זאגסט דוא ניט דעם ווארט הששי? „יע! — האט ער געענטפערט — סטעפאן איז דאך שוין געשטארבען".

# 64) א שפיטצעל פון א ארעם בחור.

א קארגער גביר האט גענומען א ארעם בחור אויף שבת, אלס עס איז געקומען צוא דיא לאקשין, נעמט דער גביר און שעפט אן פאהן שיסעל אקאכ=לעפיל געדיכטע לאקשין און גיסט זיך אריין אין טעלער, און זאגט דאביא: „אדם קרוב לעצמו", נאכהער האט ער ווידער אנגעשעפט דיא געדיכטע, און גיסט אריין צוא דיא ווייב אין טעלער. און זאגט: „אהבתי את אשתי", נאכהער דיא קינדער, און זאגט: „ואת בני", און דיא לעצטע אז עס איז שוין געבליבען קלאהרע וואסער, האט ער אריין געגאסען דעם ארעם בחור, דער ארעם בחור האט אבער לאנג ניט געקלערט, און נעמט דיא שיסעל זופ, און גיסט זייא אלעמען אפ, זאגענדיג דאביא: „חרקתי עליכם מים טהורים".

# 65) א עיכוב אין הונדערט רובעל.

וואס מאכט איהר? — האט איינער געפרעגט ביין צווייטען. איהם אנגעגענדיג אויפען גאס — עס איז זייער פאסקודנע — האט איהם יענער געענטפערט — איך האב יעצט אמידעל חתונה צוא מאכען, און איך האב גראדע פאר איהר זייער אגוטען חתן,

נוהר

אָדער דער חָתָן וויל אַנדערס ניט וויא צווייא הונדערט רובּעל נדן, אונ איך האבּ מעהר נישט וויא הונדערט רובּל; — דאס איז אַקלייניגקייט —האט איהם יענער גיענטפערט — לייט זאגען צוא גראָסערע נדן, אונ גיבּען נאך דעם ניט אַוועק, דיא זעלבּע איז מיט אייך, איהר זאגט איהם צוא, צוא געבּין צווייא הונדערט רובּעל, אונ נאכהער וועט איהר איהם 100 רובּל אָנזעצען; הערסט דוא! — האט איהם דער גיענטפערט — אט דאס זאג איך דאך, אז דיא הונדערט וואס איך וועל איהם אָנזעצין, דיא האבּ איך, נאהר דיא אמת'ע הונדערט פעלין מיר.

## 66) דיא גרויסע מאטעמאטיקערען.

צווייא אורחים זיינען איינגעשטאנען שבּת אין אַקרעטשמע, נאכהער אַלס זייא האבען שוין געדאַרפט אָפּ פאָהרען, רופען זייא אַריין דיא קרעטשמערקע, זיא זאָהל זייא געבּין אַרעכנונג, וויפיעל זייא האבען אָנגענומען איבּער שבּת; דיא קרעטשמערקע האט אָנגעהייבּען צוא רעכנען פאָלגענדע: פאר צווייא נאכט נאכטיגען קומט צוא 16 גראשען פיר איינעם, פאר 2 קיטקעס הייא 48 גראשען, 48 מיט 16 איז דאס איינאיינעם אַנילדען, טא נאט אייך אפופציגער אונ גיט מיר אַפערציגער, וועט שוין זיין בּעצאהלט פארען שבּת אויך.

## 67) דער לעהרער אונ דער שילער.

וויא פיעל אינזלען זיינען דא אין מעער ים אונ וויא הייסען זייא? —האט אין דייטשלאנד א לעהרער זיינעם שילער געפרעגט — אין מעער זיינען דא אפוללע אינזלען —האט איהם דער שילער גיענטפערט — אונ איך הייס האנז.

## 68) אשיינער וואָרט.

אַקליין געוויקסיגער אָרעם בּחור האט געגעסין בּייא איינעם

אטאג

אטאג, דער בחור איז אבער געווען אזא פרעסער אז ער האט געקאנט אויף עסען פאר פינף מענשין; איינמאהל פרעגט איהם זיין בעל־הבית: „זאגט מיר וואס איז דיא מעשה, וואס איהר אזא קליינער מענשעלע, עסט אזויא פיעל אויף, און עין הרע...."
איך וועל אייך זאגען — האט ער איהם גיענטפערט — בשעת דער אויבערשטער האט בעשאפען דיא וועלט, האט ער אויף געהאנגען אלער האנד קישקעס, קליינע און גרויסע, דער הויכער מאנש וואס האט נעקענט דער גרייכין האבער, האט ער זיך אויס געקליבען אקורצע קישקע, נאהר איך אלס קליינער מאנשעלע האב געטוזט נעמען אלאנגע קישקע".

## 69) א יודענע בלייבט א יודענע.

א יודענע איז אין כעס געוואהרען אויפען מאן, און איז זיך געלאפען טרינקען, קומענדיג צום טייך האט זיא אנגעטאפט דעם וואסער — אוי! זאגט זיא — עס איז קאלט דער וואסער, מען קען זיך נאך חלילה צוא קיהלען, און איז געשווינד אנטלאפען אהיים.

## 70) דער מאן, און דיא ווייב.

מיין ליעבער מאן — האט אפרויא געזאגט צום מאן — דוא בינסט מיר מוחל וואס איך בין פאהן דיר אנטלאפען געוואהרען? פאר וואס דוא בינסט אנטלאפען בין איך דיר מוחל — האט איהר דער מאן גיענטפערט — „גוהר ניט פאר וואס דוא בינסט צוריק געקומען".

## 71) ניט ערהאלטען דעם בריעף.

אדארפישע פריילין האט געשריבען אבריעף צוא איהר פריינדין אין שטאדט אז זיא זאהל איהר שיקען דעם און דעם

בוד

בוך, דיא לעצטע האט איהר דעס בוך ניט געשיקט, אונ אלס זייא האבען זיך נאכהער אין שטאט געזעהן, האט זיך דיא שטאדטישע פער ענטפערט, פאר דיא דארפישע: „פער ציהע מיר וואס איך האב דיר דעם בוך ניט געשיקט, דען איך האב דיין בריעף ניט ערהאלטען".

## 72) מען רופט מיך פעטער.

פריילין ק. איז געווען זייער אשיינע, נאהר א ארעמע, אונ האט זיך דארום געמוזט בעשליסען, צוא הייראטהען מיט איין אלטען מאן אנביר, אלס זייא זיינען געפאהרען אויף דער חתונה, האט איהר דער קוטשער אלע ווייל נעזאגט: „פריילען! מען רופט מיך פעטער!" נאך איהר חתונה, פרעגט זיא בייא איהם, וואהרום ער האט איהר דאס אלע ווייל געזאגט? פער שטייט איהר, – האט ער איהר גיענטפערט – כדי איהר זאהלט נאכהער ניט זאגען: „דער טייפעל האט מיר צוא דער חופה געפיהרט".

## 73) אגוט ווארט.

וויא אלט קענען זיא זיין? – האט אהערר געפרעגט בייא אדאמע – 20 יאהר – האט זיא גיענטפערט – עס קען מאגליך זיין... – האט ער ערווידערט – וואס איהר צווייפעלט נאך? – האט איהם דיא דאמע איבער געפרעגט – אך געוויס! – האט דער הערר גיענטפערט – וויא זאל איך אייך ניט גלויבען? דען שאהן ביינאהע צעהן יאהר, וויא איך הער דאס פאהן אייך, נוא, זאהל איך אייך נאך ניט גלויבען?

## 74) איך בין אויך אבאנדאר.

א חזן האט געדאווענט אין אשטעטיל, אונ האט זייער ניט אוים גענומען, נאבין דאווענען גייט צוא איינער צום חזן אונ זאגט: א! אונזערע פרנסות וויא שווער עס קומט אונז דאס אן: וואס פאר אמאנש זיינט איהר? – פרעגט איהם דער חזן – „איך

בין

בִּין אויךְ אַבָּאנְדַאר“ – הָאט עֶר אִיהְם גֶעֶנְטְפֶערְט .

## 75) נִיט קֵיין שְׁלֶעכְטֶער שִׁידוּךְ .

אַשַׁדְכָן אִיז גֶעקוּמֶען רֵיידֶען אַיוּנְגֶען מַאן אַשִׁידוּךְ , מִיט דִּיא אוּנ דִּיא פְּרֵיילֶען , אַךְ ! —זָאגְט דֶער יוּנְגֶער מַאן — דַאס מֶאדְכֶען הִינְקְט דָאךְ ? יַא —עֶנְטְפֶערְט אִיהְם דֶער שַׁדְכָן — דָאס אִיז זֵייעֶר גוּט פַאר אַיךְ, וֶועט זִיא אַייךְ נִיט קָאנֶען נָאךְ לוֹיפֶען ; אָבֶּער זִיא אִיז דָאךְ בְּלִינְד ! — זָאגְט דֶער יוּנְגֶער מַאן - נוּא, גַאנְץ גוּט -עֶרְוִוידֶערְט דֶער שַׁדְכָן - וֶועט זִיא נִיט קָאנֶען זֶעהֶן וִויא אִיהְר גֵייט אַרוּם מִיט אַנְדֶערֶע פְּרוֹיעֶנְצִימֶער ; אָבֶּער זִיא אִיז דָאךְ אוֹיךְ טוֹיבּ ! - זָאגְט דֶער יוּנְגֶער מַאן מִיט אֶרְגֶער - אַךְ ! אַוואוּנְדֶערְס גְלִיק פַאר אַייךְ , - זָאגְט דֶער שַׁדְכָן - אִיהְר וֶועט מֶאגִין רֵיידִין אִין שְׁטוּבּ , אַלְס וָואס אִיהְר וֶועט נוּהְר וֶועלִין , עֶס וֶועט זַיין , אַזוֹיא וִויא זִיא וָואהְלְט גֶאהְר דֶער בַּייא נִיט גֶעוֶועזֶען ; זִיא אִיז דָאךְ אָבֶּער אוֹיךְ שְׁטוּם ?! נָאךְ בֶּעסֶער - עֶנְטְפֶערְט דֶער שַׁדְכָן - וֶועט בַּייא אַייךְ אִין שְׁטוּבּ , אִימֶער שְׁטִיל אוּנ רוּהִיג זַיין ; אָבֶּער זִיא הָאט דָאךְ אַ הוֹיקֶער אוֹיךְ ! -שְׁרַייט דֶער יוּנְגֶער מַאן - נוּא ווילְט אִיהְר - זָאגְט דֶער שַׁדְכָן צוּא אִיהְם - אַז זִיא זָאל שׁוֹין גָאהְר קֵיין פֶעהְלֶער נִיט הָאבֶּען ?

## 76) אַ גֶעטְרַייעֶר מַאן .

וִויא הַאלְט עֶס מִיט מַיין פְרוֹיא ? — הָאט אֵיינֶער בַּיין דָאקְטָאר גֶעפְרֶעגְט – לֵיידֶער נִיכְט גוּט – הָאט דֶער דָאקְטָאר גֶעזָאגְט – אִיהְר מוּזְט זִיךְ אוֹיף דַאס שְׁלִימְסְטֶע בֶּעשְׁלִיסֶען ; וָואס זִיא וֶוערְט גֶעזוּנְד ? – הָאט דֶער מַאן גֶעפְרֶעגְט – .

## 77) דִּיא צַוָואָה .

אֵיינֶער הָאט גֶעלָאזֶען אִין צַוָואָה דְרַייא פּוּנְקְטֶען : עֶרְשְׁטֶען אַז בְּשַׁעַת מֶען וֶועט אִיהְם מְטַהֵר זַיין , זָאל מֶען אִיהְם נִיט הַאלְטֶען אוּנְטֶער דִּיא אֶרֶעמְס , דֶען עֶר הָאט מוֹרָא פַאר קִיצְלֶען ; צְווייטֶען

זאתל

זאָהל מען איהם לייגען נעבען קליינע קינדער, כדי ער זאל קאָנען אויס נארען פאָהן זייא דעם איבערבייסען; און דריטענס זאָהל מען איהם מקבר זיין נעבען אבודקע (וואו א גאַרדאַוואָי שטייט) כדי אז דער מלאך־הדומה וועט קומען זאָהל ער קענען א געשרייא טאָהן: גאַרדאַוואָי!

## 78) דער געשמיסענער גביר.

עס איז געוועזען א מעשה, א פריץ האט אפּ געשמיסען א געוויסען ווילנער גביר, איינמאָהל האפּט דער זעלבינער גביר אן מאַטלען אויפען נאָסס, און זאָגט צוא איהם: „מאַטיל! זאג מיר עפּעס אַוויטץ (דער גביר איז געוועזען אהויך געוויקסינער), זאָגט מאַטיל צוא איהם: וועהט ר'... אוואונדער דאכט זיך אט דא ניט לאנג, האט מען אייך אונטער געהאַקט, און איהר זיינט נאך אלס אזא לאנגער....

## 79) א קלוגע עצה.

אין ק. אלס עס איז אנגעפאלען דער ערשטער שנייא, און דיא מאנשין פאהן שטאָדטיל האבען מורא געהאט אז דער שמש וועט גיין אין דער פריא רופען: „אין שוהל אריין!" וועט ער דאך דער וייל אויס טרעטין דיא שנייא, האבען זייא זיך א עצה געגעבין, אז פיער מאנשין זאהלען טראגען דעם שמש אויף דיא האנד, און ער זאהל רופען: „אין שוהל אריין!"

## 80) א גאון'ס א וואָרט.

דער גרויסער גאון ר' זעלמעלע האט געזאגט: אז איינער גייט אויס שמונה עשרה דארף מען איהם געבין: „שלום עליכם" דען אין וואס פאר א שטאָדט איז ער ניט אויס געוועזען שפּאַציערענדיג שמונה עשרה.

## 81) וואַרעניע אין חלום.

מוטער! — האט א איינגעל געזאגט צוא זיין מוטער - אלס

איך

איך וועל זיך ווייטער לייגען שלאפען , זאהלסט דוא מיר ארונטער לייגען אלעפיל צוא קאפינס . דען דיא פארינגע נאכט האט זיך מיר געחלומ'ט אז געבין מיר איז געשטאנען א שיסעל ווארעניע , נאהר צום אונגליק האב איך קיין לעפיל ניט געהאט .

## 82) אחזיר א מבין .

וויא זאגסט דוא ? — ווער קען בעסער זינגען איך צוא דוא ? — האט דיא קראע דעם סאלאוויא געפראגט — געוויס קען איך בעסער — האט איהר דער סאלאוויא גיענטפערט — נוא , און איך זאג — האט זיך דיא קראע ווייטער אפ גערופען — אז איך זינג טויזענדער מאל שענער פאהן דיר — לאמיר זיך וועטין , זאגט דער סאלאוויא צוא דיא קראע , ווער עס קען בעסער זינגען , און ווער עס וועט פער שפיעלען , דעם , זאהל דער געוואונענער אוים פיקען א אויג ; אבער ביא וועמען וועלין מיר פראגין ? — פראגט דיא קראע — וועמען מיר וועלין אן טרעפען דעם ערשטין , ביא דעם וועלין מיר פראגען , — זאגט דער סאלאוויא , — נוא גוט , — ענטפערט איהם דיא קראע ; און האבען זיך געוועט — און לאזין זיך גלייך ביידע , זוכען אמבין , און טרעפין גלייך אן דעם ערשטען אחזיר ... זאגען זייא צוא איהם : זאג אונז נאר דוא חזיר , „ווער קען בעסער זינגען ?“ „דיא קראע קען בעסער“ — האט דער חזיר גיענטפערט — נוא פער שטייט זיך , אז דיא קראע האט באלד דעם סאלאוויא אוים געפיקט א אויג ; שטייט דער סאלאוויא און וויינט , זאגט דיא קראע צוא איהם : וואס וויינסט דוא ? דוא האסט דאך אנגעוואהרען , און דוא אליין האסט ארוים געגעבען אזא שווערן פסק ; ניין ! — האט איהר דער סאלאוויא גיענטפערט — מיך פער-דריסט ניט אזויא אויף דיא אויג , נאר מיר פער דריסט : „ווייא קומט אזא גראבער חזיר צוא זאגען מבינות אויף מיר“ .

דער פאבעל איז אשפיעגעל פאר פיעלע מאנשין .

איינער

## 83) וָואס דִקְדוּק אִיז.

אֵיינֶער אַ גְרָאבֶּער מַאנְשׁ — הָאט אַמָאהְל גֶעזָאגְט: „וָואס דִקְדוּק אִיז, שְׁמַע, הֶער צוּא, שְׁמָעֲנִי, הֶער מִיר צוּא, אוּנ יִשְׁמָעֵאלִים אִיז שׁוֹין נָאהְר טַאטָערְן".

## 84) רַבִּי יְהוּדָה מִיט דִיא סִימָנִים.

אִין פְּלוּק אִיז דָאךְ אַקְשְׁיָא: וָואס טוּהְט מִיר דָא רַבִּי יְהוּדָה אוֹיף מִיטָען דְצַ״ךְ עֲדַ״שׁ בְּאַחַ״ב? נוּהְר דֶער תִּירוּץ אִיז: רַבִּי יְהוּדָה הָאט דָאךְ שׁוֹין אֵיין מָאהְל אַ טָעוּת גֶעהַאט מִיט תָּמָרִ'ן, דְרוּם מַאכְט עֶר שׁוֹין יֶעצְט סִימָנִים; אַי, נִיחָא וָואהְלְט עֶר גֶענֶעבִּין תָּמָר'ען דִיא מַכּוֹת, אוּנ אִין דֶער הַגָּדָה דֶעם זִיגְנֶעל, מִיטָען שְׁטָעקִין, מִיטָען שְׁנוּפְּפטוּךְ? נָאהְר אַז עֶר וָואהְלְט גִינֶעבֶּען תָּמָר'ען מַכּוֹת, וָואהְלְט זִיא אִיהְם גֶענֶעבִּין יִסוּרִים...

## 85) אַגְלָאז וַויין.

בֶּעסֶער אַלְס אַגְלָאז וַויין אִיז נָאר נִיטָא הָאט אַמָאל אֵיינֶער גֶעזָאגְט אִין אַגֶעזֶעלְלְשַׁאפְט. אוּנ מִיר דוּכְט אַז אַפְלַאשׁ וויין אִיז נָאךְ בֶּעסֶער הָאט אַ צְוֵוייטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט.

## 86) נָאט גְלַייךְ.

זָאג מִיר נָאהְר ווייבֶּעל — הָאט אֵיינֶער גִיזָאגְט צוּ אַפְרוּיא — וָואס בִּינְסְטוּ דוּ אַזוֹי אוֹיפֶען מַגִיד אוֹיפְגֶעטְרָאגֶען, פַאר וָואס עֶר הַאלְט דִיר שְׁטָאנְדִיג אִין אֵיין מוּסָר זָאגֶען? דוּ וֵוייסְט דֶען נִיט, אַז דֶער מַגִיד וִויל זַיין נָאט גְלַייךְ, וֶועמֶען עֶר הָאט לִיעבּ, דֶעם שְׁטְרָאפְט עֶר אַ סַךְ.

## 87) לִיגֶען אוֹיף הוּילֶען.

מָאטִיל אִיז אַמָאהְל אַרַיין צוּ זַיינֶעם אַבֶּעקַאנְטִין, אוּנ זָאגְט צוּ אִיהְם: אִיהְר וֵוייסְט ר׳ שְׁמוּאֵל אַז אִיךְ מוּז שׁוֹין וֶוערִין אַדְרָאקְטָאר; אוּנ

וואַרום ? – פרעגט איהם דער שמואל – ווייל פערשטייט איהר – האט איהם מאטיל געענטפערט – מען האט ביי מיר הײנטיגע נאכט אר"ים גנבה'ת די בעט געוואַנד, נוא, וועל איך שוין מוזען „ליגען אויף הוילין“.

## 88) אַקלאפ פער גייט, אונ אַוואָרט בעשטייט.

אום פורים בשעת אַלע האבין געקלאפט המן'ען האט אײנער אַגעוויסער שניידער געמאכט אַגרויסען יוגישען „מי שברך“ — אונ אַלס מען האט איהם געפרעגט: וואס איז דאס? – האט ער גיענטפערט: „אַקלאפ פער גייט, אונ אַ וואָרט בעשטייט.

## 89) ניט גערעדאווענט פאהן פארענט.

אין ווילנא, אין אלטין קלויז, איז אַגראבער יונג אַשוסטער, אַרויף געקראָכען אויבען אָן, אונ האט זיך געשטעלט דאווענען, דער אונטער שמש אָבער האט דאס גראָדע בעמערקט, אונ איז צוא איהם צוא געגאנגען, אונ זאָגט: הערט ר' יוד! איהר האט שוין געדאוונט פאהן פארינט? דאכט זיך אז ניט, מא זייט זשע מוחל, אונ דאַווענט פאהן פארינט.

## 90) אין ליטעשע מיילער.

דער זעלבער, אַלס ער איז אַרויף געגאַנגען אין מאַליאַרסקע קלויז וואו עס איז געוועזען זייער שאָהן אויס געמאָלט, אונ אויס געפוצט, האט ער זיך אָפּ גערופען, זיך אַרום קוקענדיג: אוי איך בין יעצט אַריין געפאַלען „צווישען ליטישע מיילער“.

# אַנעקדאָטען בוך

## צוויא הונדערט זיבעציג

## שיינע וויטצען

## זייער סאטיריש צום לאכען.

פאָן מ. קוקילשטיין.

דריטע אופלאַגע

פאָן ר' יצחק פונק בוכהאנדלער אין ווילנא.

נאכדרוק שטרענג פערבאָטען.

ווילנא

שנת תרנ"ה לפ"ק.

Сборникъ анекдотовъ изъ еврейской жизни.

М. Кукельштейнъ.

Съ Виленскаго изданія 1893 года безъ перемѣнъ.

1895.

# אַנֶעקְדָאטֶען בּוּךְ

צְווייא הוּנְדֶערְט זִיבֶּעצִיג

## שֵׁיינֶע וִויטְצֶען

זֵייעֶר סַאטִירִישׁ צוּם לַאכֶען.

פֿאָן מ. קוקילשטיין.

דריטע אופלאַגע

פֿאַרְ ר׳ יצחק פֿונק בוכהאַנדלער אין ווילנא.

נאָכדרוק שטרענג פֿערבאָטען.

## ווילנא

שנת תרנ״ה לפ״ק.

Сборникъ анекдотовъ изъ еврейской жизни.

М. Кукельштейнъ.

Съ Виленскаго изданія 1893 года безъ перемѣнъ.

1895.

# הקדמה

דִיזֶע קְלֵיינֶע הַקְדָמָה שְׁרַייבּ אִיךְ חָייל אִיךְ ווִיל נִיט מְשַׁנֶה זַיין דֶעם מִנְהָג, דֶען דָר שְׁטֵייגֶער אִיז, יֶעדֶער מְחַבֵּר שְׁרַייבְּט אַהַקְדָמָה צוּ זַיין סֵפֶר, ווַייל עֶס וֶועְרט גִיבְּרַאכְט אִין סְפָרִים אַז „אַסֵפֶר אָהְן אַהַקְדָמָה אִיז אַזוֵי ווִיא אַגוּף אָהְן אַנְשָׁמָה", נוּא ווִילְט זִיךְ דָאךְ יֶעדֶערִין מְחַבֵּר אַז זַיין חִבּוּר זָאל הָאבְּן אַנְשָׁמָה, אוּנ ווִידֶער אִיז דֶער שְׁטֵייגֶער צוּ שְׁרַייבְּן אִין הַקְדָמָה דֶעם צִיעֶל פוּן דֶעם סֵפֶר אוּנ וָואס ווִיל דֶר מְחַבֵּר מִיט זַיין סֵפֶר, דֶערוּם מוּז אִיךְ אוֹיךְ שְׁרַייבְּן דֶעם צִיעֶל פוּן פוּן מַיין חִבּוּר, אוּנ וָואס אִיךְ פַארְלַאנְג מִיט מַיין חִבּוּר: דֶר צִיעֶל פוּן דִיזֶען בּוּךְ אִיז צוּ מַאכְן פְרֵיילִיךְ דִי לֶעזֶער, אַט לָאז דֶער עוֹלָם פַארְגֶעניגֶען הָאבְּן, אוֹיךְ וֶועט עֶר פִיל נוּטְצֶען בְּרֵיינְגֶען פַאר קִינְדֶער אִיבֶּער צוּא זֶעטְצֶען אִין הֶעבְּרֵייעֶם, אוּנ אִיךְ פַארְלַאנְג מֶער נִיט מַאקֶע פְרָאסְט גִירֶעט עֶפֶּעס צוּ פַארְדִינֶען, דוּכְט זִיךְ אַז דָאס אִיז נִיט קַיין עַוְלָה, אֵיינֶער הָאט אַמָאל גִיזָאגְט: „פַארְדִינֶען אִיז נִיט קַיין קְלֵיינִיגְקַייט, פַאר דִינֶה'ן אִיז אַמָאל חָרוּב גִיוָוארִין אַשְׁטָאדְט שְׁכֶם". מִיט דֶער מִיט עֶנְדִיגֶע אִיךְ דִיא הַקְדָמָה, אוּנ אִיר קֶענְט שׁוֹין לֶעזִין דִי וֶוערְק זֶעלְבְּסְט, אִיר וֶועט פַארְגֶעניגֶען הָאבְּן, אוּנ פוּן דֶעם ווִיל אוֹיךְ הֲנָאָה הָאבְּן

דֶער פֶּערְפַאסֶער.

## 1) דיא אידענע אונ ר' מאיר בעל הנס.

ביא איין אידענע האט מען גיגנבת אפאטשיילע, איז זיא צוא גיגאנגען צו ר' מאיר בעל נס פושקע אונ האט אריין גיווארפן ארובל, זיא זאל גיפינען די פאטשיילע; זיא איז גישטאנען אשעה ביי דער פושקע אונ האט גיווארט ר' מאיר זאל איר אוועק נעמן די פאטשיילע, אונ ר' מאיר האט אלץ ניט אוועק גינעבן, רופט זיא זיך אפ: וואס וועט זיין ר' מאיר אדער גיט מיר אוועק דיא פאטשיילע אונ וועין ניט טא גיט מיר אוועק דעם רובל צוריק.

## 2) דער דאקטער אונ דיא מתים.

אדאקטאר פון שפיטאל האט גיפרעגט ביין פעלדשער „וואס מאכין די קראנקע? פינף זיינען גישטארבין — האט דר פעלדשער גיענטפערט — אוי וויי! — האט דער דאקטער גיזאגט — פון זעקס קראנקע זיינען פינף גישטארבין!! דער זעקסטער האט ניט גיוואלט נעמען אייערע רפואות — האט דער פעלדשער גיענטפערט — .

## 3) אאידענע האט אפ גינארט ר' מאיר בעל הנס.

א אידענע האט פאר לארין עפעס אזאך, האט זיא צוא גיזאגט אויף ר' מאיר בעל הנס אויב זיא וועט דאס גיפינען, דער נאך האט זיא דאס גיפונען, איז זיא צו גינאנגען צו ר מאיר בעל נס פושקע אונ האט גיזאגט: „ר' מאיר איך האב דאס גילאכט".

## 4) אקלוגער ענטפער צוא אפרויא.

איין פרוי האט גיפרעגט איר מאן: פאר וואס האלטין זיך דיא מענער גרוים אנטקעגין דיא פרויען? באקט זיך אין אלע נאכט זיינען נקבות בעסער, רינדערנע קלייש איז בעסער ווי אקסענע, אהון איז גישמאקער ווי אהאן, טא פאר וואס שטאלצירין דאס דיא מענער אנטקעגין דיא פרויען? אמת — האט איר דער מאן

געענטפערט

גיענטפערט - די נקבות זיינען גוט אבער אלץ נאכן טויט דאן זיינען זיא גוט.

5) דיא צווייא דינער.

אדינער האט גיפרעגט זיין קאמעראד: וויא גייט דיר ברודער ביי דיין נייעם הערין? מיר קלאפין זיך איינע דיא אנדערע די רעק - האט ער געענטפערט - נור דר אונטער שייד איז, איך קלאפ זיין ראק, ווען ער איז אויס גיטאן, אונ ער קלאפט מיין ראק, דאן אז איך טראג אים.

6) דער הינקעדיגער אונ דער בלינדער.

אהינקעדינער אויף איין פוס האט בעגעגינט אבלינדין אויף איין אויג, האט דער בלינדער גיפרעגט דעם הינקעדינן „וויא גייט דאס ברודר? אט וויא דו זעהסט! - האט גיענטפערט דר הינקעדיגער;

7) דער מחבר אונ דער גביר.

אמחבר האט אריין גיטראגין זיין ספר צו אגביר, האט דער גביר ניט גינומען, ער האט גיזאגט „איך האב גינוג ספרים"; נעמט אים - האט דר מחבר גיבעטין - ער וועט אייך צו ניץ קומען, איר וועט אים אוועק שטעלין לעבין אייערע ספרים וועלן דיא מייז אים עסין וועלין זיי דר ווייל ניט עסין יענע ספרים; ניין! - האט דר גביר געענטפערט, מיינע מייז האבן נור האלט גוטע, זיי עסן ניט קיין שלעכטע.

8) די דינסט אונ די ווירטהין.

אדינסט האט דער לאנגט די ווירטהין אטעלער זופ, אוועק שטעלינדיג האט זיא אויס גיגאסין די זופ אויף די ווירטהינס קליד, האט די ווירטהין אן גיהייבין זייער צו שרייען; שרייט ניט - האט די דינסט גיזאגט - עס איז דא נאך זופ,

9) דער מאנן אונ די ווייב.

איינער איז גיוועזן קראנק, האט ער צו גירופין זיין ווייב צוא זיך אונ האט איר גיזאגט: „איך בעט דיר מיין ווייב, אז איך וועל שטארבין זאלסטו ניט נעמען אנזער שכן פאר אמאנן, ער איז מיר

פון

פון ווייבּ אן אשונא": זיי זיכער מיין מאנן—האט זיא אים געענטפערט, איך וועל אים ניט נעמען, דען איך האב שוין לאנג אפּ גירעט מיט איין אנדערין.

### 10) דיא ווייב אונ דער מאנן.

איין פרוי איז גיוועזן קראנק, האט זיא צוא גירופן איר מאנן אונ האט אים גיזאגט „איך בעט דיר, מיין מאנן, אז איך וועל שטארבן זאלסטו נעמען מיין שוועסטער פאר אווייב": לאז נור האלטן דער ביי-האט דער מאנן געענטפערט - איך וועל שוין וויסן וואס צוא טאהן.

### 11) דיא גיליבטע פאר פאלג.

איינער איז אוועק גיפארין האנדלען אין אווייטע שטאט, האט ער גישריבן אבריף צוא זיין ווייב: „דוא זאלסט גאר ניט זארגן מיין ווייב איך פארדין דא ב"ה גאנץ גוט, מער ניט וואס ביא מיר גייט אוועק הוצאות וואס דוא ביסט ניטא" „דוא זאלסט גאר ניט זארגן מיין מאנן -האט זיא אים אפּ גישריבן — וויפיל ביי דיר גייט אוועק וואס איך בין ניטא, פאר דין איך אין צווייען וואס דוא ביסט ניטא.

### 12) דער בעל תשובה:

איינער איז אמאל נכשל גיווארין אין איין עבירה פון איין אשת איש, איז ער אוועק צום רבין בעטן אתשובה, האט אים דער רבי גיגעבן אתשובה ער זאל איאר נאך אנאנד פאסטן מאנטיג אונ דאנערשטאג, ניין רביניקע - האט ער גיזאגט -פאסטן קען איך ניט; „נוא זאלסטו שלאפין אויף דר ערד אחדש נאך אנאנד"; ניין רעביניקע - האט ער ווייטער גיזאגט - שלאפן אויף דר ערד קען איך ניט; נא וואס דען ווילסטו? - האט דער רבי ביי אים גיפרעגט - איך חיל צו די טייביל - האט ער אים גיענטפערט.

איינער

## 13) דער שניידער.

איינער האט געגעבן אשניידער אויף נייען אראק, האט ער אים געזאגט: „זעט איך בעט איך איר זאלט אים אויף נייען מיא זאל ניט לאכן פון אים"; ניט רוהיג — האט דער שניידער געענטפערט — מיא וועט שוין גאר ניט לאכן, איך וועל אים אוף נייען, אז מיא וועט דארפן וויינען אויף אים קוקינדיג.

## 14) דער חזן.

איינער פון די בארימטע חזנים א גרויסער בעל תאוה, איז אמאל געקומען אין אקרעטשמע אונ דארטן איז געוועז איונגע ווייביל זייער אשיינע אונ דר מאן אירער איז געוועז איין אלטער; דער חזן האט זיך אפ געשטעלט אין קרעטשמע, אונ ביי דר נאכט האט דר אלטער אהוסט געטאן, האט ער נעבאך גמוסט אפ ציהען צודיק אונ איז גלייך אוועק געפארן, אין אפאר חדשים ארום איז דר חייטער געפארן לעבן קרעטשמע זאגט ער מיא דארף אריין אין קרעטשמע זעהן וואס מאכט די ווייביל, ער איז אריין אונ זעהט די ווייבל, פרעגט ער ביי איר וואס מאכט איר? וואס מאכט אייער מאן? מיין מאן האט שוין אפ געמאכט — האט די ווייביל געענטפערט — ער איז שוין עליו השלום; אוי וויי! — האט דר חזן געזאגט — אייער מאן איז געשטארבן! איר ווייסט מיר איז נאך דאמאלסט זיין הוסט ניט געפעלן געווען.

## 15) א אינגיל מיטין צו דראפעטין שטערין.

אאינגיל איז געקומען אהיים צו דראפעט דעם שטערין, מיט וועמען האסטו זיך דאס געהרגעט? — האט דער פאטער בייא אים געפרעגט — איך האב זיך אליין אביס געטאן אין שטערין — האט דר אינגיל געענטפערט — וויא האסטו דאס געקענט דר לאנגען מיטן מויל צום שט־רן — האט דר פאטער אים געפרעגט — איך האב זיך געשטעלט אויף אבייניקיל — האט דער אינגיל געענטפערט.

### 16) אשאלה פון אבעל עגלה.

אבעל עגלה האט גפרעגט דעם אנדרן בעל עגלה: אז ער זאגט אפ שבת דעם גאנצן תהלים צו דארף ער דר נאך זאגין „ברכי נפשי"? דו ביסט שוין דרייסיג יאר אבעל עגלה – האט אים דער אנדערער גיענטפערט – אונ דו ביסט נאך גיט גינית! אז דוא פירסט אגאנצין וואגין וועגעכץ דארפסטו דען גיט שמירין די רעדער?

### 17) די דאמע מיט דיא שטיקיל זיידינם.

אדאמע איז אריין אין אקראם קויפן סחורה, האט זיא דר זעהן אגוטע שטיקיל זיידינס האט זיא דאס שטילער היים צו גינומען אונ האט ארונטער גילייגט אונטערין מאנטיל אונ האט שוין גינומען ארוים גיין, דער קרעמער האט דאס נוט באמערקט, רופט ער זיך אפ צו איר: „מאדאם איך קען פאר דעם פרייז ניט לאזין"! אונ איך קען טייערער ניט געבין – האט זיא גיענפערט – אונ האט אוועק גילייגט דיא שטיקיל זיידינס צו ריק.

### 18) דער נשרף.

איין ארעמאן איז ארום גינאנגן קלייבין נדבות ער האט גיזאגט אז ער איז אנשרף, האט ביי אים איינער גיפרעגט: וואו איז אייער כתב אז עס איז אמת אז איר זייט אנשרף? דען אנשרף האט דאס רוב אכתב פון ארב אז ער איז באמת אפ גיברענט גיוואורן; קעת עס איז גיוועזן די שרפה – האט דר ארעמאן גיענטפערט – איז דר כתב אויך פאר ברענט גיווארין.

### 19) דער מתנגד.

חסידים האבין אמאל גימסרת פאהן רעבין, אז איינער אמתנגד לאכט פון חסידים; „טרייבט אים ארויס", האט דער רבי גיזאגט; זאגין זיי, אבער דר מתנגד שטייט אויף דרויסין – זאגט דער רבי, טא נעמט אים אריין אין שטוב אונ טרייבט אים ארויס.

איינער

### 20) א מאן מיט צוויי ווייבער.

איינער האט גינומען צוויי ווייבער האט מען איהם איבער גיגעבן אין געריכט, האט דר שופט גיפרעגט ביי איהם „פר וואס האסטו גינומען צווייא ווייבער? האט ער גיענטפערט, פריער פלעגט מיר די ווייב שטענדיג שלאגן, אונ איצט שלאגן זיי זיך איינע מיט די אנדערע.

### 21) דער ישובניק מיט ר' ישמעאלן.

א ישובניק האט גיקויפט א סידור, האט ער גינומען זאגן פון פארינט אין דאווענען: ר' ישמעאל אומר וכו' האט ער שיער ניט אויס גיבראכן די ציינער זאגינדיג די ווערטער (מיא קלאפט אונ מיא פארט ומכלל ומפרט), איז ער זייער אין כעס גיווארן אויף ר' ישמעאלן וואס ער האט גימאכט אזעלכע ווערטער, אונ האט אוועק גיגעבן דעם סידור אין בינדין אונ האט פר זאגט דעם איין בינדער ער זאל ר' ישמעאלן ארויס ווארפין פון סידור, ער וויל איהם ניט קענן: דער איין בינדער האט גינומען ביי איהם דעם סדור אונ האט גיזאלעוועט ארויס צו ווארפין די בלאט אין גאנצין האט ער ארויס גינומען די בלאט אונ האט איהר אריין גישטעלט אין „ויתן לך" לעבין אמר ר' יוחנן, ער האט איהם אפ גבראכט דעם סידור, דר ישובניק האט אקוק גיטאן ר' ישמעאל איז ניטא, גוט! שבת צו נאכט ער האט גינומען זאגן „ויתן לך" ער גיפינט ר' ישמעאלן לעבין „אמר ר' יוחנן", הא האט ער אן גיהויבן צו שרייען, דו ביסט ווייטר דא! ביידין ארויס! ר' יוחנן אויך!

### 22) א קלוגער ענטפער פון איין הער צו א דאמע.

איין הער איז גיוועזן אויף א באל האט ער דארטין גיבעטין א דאמע צו טאנצין מיט איהר, די דאמע איז גיוועזן ביי זיך זייער אן געצוינין האט דאס איהר זייער פר דראסין אזא הער זאל איהר אנטוטין זיא זאל מיט איהם טאנצין, רופט זיא זיך אפ צו איהם פר אלעמען אין די אויגין „איך קען זיי געבין מיין דינסט זיי זאלין מיט איהר טאנצין": ווען אזוי — האט ער זיך אפ גירופין — טא פערצייהען זיי מיר דען איך

האב

האב ניט געוואוסט, איך האב געוואלט פון אנפאנג נור טאנצען מיט אדינסט האב איך גערעכינט אז זיי זיינען די דינסט אונ זיא איז די ווירטין.

### 23) איבער געגעסען זיך מיט אפיקומן.

עס איז געוועזן איין אלטער מאן וואס ער איז אויף זיין לעבען קיין מאל ניט קראנק געוועזן, ער איז געווארן אכציג יאר איז שוין געקומען זיין צייט צו פארן אהיים איז ער געווארן פר דעם קראנק, איז געקומען צו אים איינער געוואר ווערן אונ האט ביי אים געפרעגט „וואס איז דאס אייך"? „איך האב זיך איבער געגעסען מיט אפיקומן" — האט דר אלטער געענטפערט — וואס הייסט איר האט זיך איבער געגעסען מיט אפיקומן? האט אים יענער געפרעגט — וואס פר שטייט איר ניט האט דער אלטער געזאגט — איך האב אויף מיין לעבען אויף געגעסען אכציג אפיקומן'ס נאך וויפיל איז דער שיעור.

### 24) איין אנטווארט פון איין קלוגע כלה.

אמיידיל האט געפרעגט ביי די אנדערע „שוין לאנג אז דו ביסט אכלה"? —האט די כלה געענטפערט — שוין צוויי יאר ביז 120 יאר.

### 25) אסאלדאט אהעלד.

אסאלדאט האט זיך אמאל בארימט ער האט אין שטרייט אפראנצויז אפ געהאקט די פיס; פאר וואס האסטו אים ניט אפ געהאקט בעסער דיא קאפ? — האט איינער אים געפרעגט — „איך האב אים שוין געפונען אן אקאפ" —האט דר סאלדאט געענטפערט.

### 26) דער רב מיט דעם משוגענעם.

אין אשטעטיל איז געוועזן א משוגענער זייער אקלוגער, דר רב פון שטעטיל פלעגט ליב האבין מיט אים צו פאר ברייגגען, אמאל זאגט דער רב צו אים „וואס פעלט דיר, וויא דוא גייסט גייסטו, וויא דו ביסט אן געטאן איז פר דיר גוט, וועסען דו זידילסט אן איז פר פאלין": „מען קען ניט זאגין" —האט דר משוגענער געענטפערט — דיא משוגעת איז גאנץ גוט, נאר ניט עס איז שלעכט וואס די קינדר לויפן נאך

נאך אין גאס, איר ווייסט כּבֿי פֿר איך וואלט דאס גיפֿאסט, פֿאר איך וואלטין די קינדער דרך ארץ האבין.

27) דער שידוך.

איינער אגרויסער פּראקטאק האט גיוואלט נעמען אווייב, און וויא ער איז גיוועזען אפוסטע זאך האט ער גיוואלט אויס האקן אגרויסארטיגען שידוך, איז גיקומען צו אים א שדכן און זאגט: איך האב פֿר דיר זייער אגוטין שידוך מיט אווייביל זייער אשיינע און אקלוגע און מיט געלט אסך, נור זיא האט אקליינעם פֿעלר, עס טרעפֿט איין מאל אין דריי יאר אז זיא ווערט משוגע אויף אקליינע צייט; איר קאנט ריידין דעם שידוך — האט דער חתן גיענטפֿערט:—ניין — האט דער שדכן גיזאגט — איצט קען מען דאס נאך ניט ריידין, מען דארף ווארטן ביז זיא וועט משוגע ווערן, דען איצט קען מען קריגין פֿון איר מיט אשטעקין פֿאר אזא פֿארשלאג.

28) דער משוגענער.

אמשוגענער האט דער ציילט, אז ער איז גיוועזן ביין גלח האט ער ביי אים גיגעסין זייער אגוטין מיטאג; וויא אזוי האסטו דאס גזאגט עסין ביין גלח? — האט ביי אים איינער גיפֿרעגט;—מעגט איהר מיר גלויבין — האט דער משוגענער גיענטפֿערט — אז דער גלח אליין האט אויך גיגעסין.

29) אמשוגענער איז ארום גיגאנגען איבער די הייזער, האט אים איינער גיזאגט: „וואס איז דאס פֿר אפלאן צו גיין אין די הייזער, נעם בעסער אווייב מיט טויזינד רובל און לעב וויא אלע מענטשן"; אווייב מיט טויזינד רובל — האט דר משוגענער גיענטפֿערט — אזא אשה וואס האט טויזינד רובל און וועט וועלין מיר נעמען איז זיא דאך מער משוגע וויא איך, טא פֿר וואס זאל איך נעמען אזא משוגענע.

30) גישטעלט אליכם.

צוויי מידליך זייגען גיגאנגען אין גימנאזיום א אידעשע מיט אקריפטליכע

אַקְרִיסְטְלִיכֶע, הָאט דִי אִידֶעשֶׁע אוּים גִיהַאלְטֶן דֶעם עָקְזַאמֶען אוּנ דִי קְרִיסְטְלִיכֶע נִיט, הָאט דִי קְרִיסְטְלִיכֶע אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ טַעֲנֶה'ן „פַּר וָואס קוּמְט דָאס מִיר, אִיךְ הָאבּ דָאךְ גִישְׁטֶעלְט אַלִיבְּטִיל צוּ דִי סְוַואטַאַי מַארְיַא אִיךְ זָאל אוּיס הַאלְטִין דֶעם עָקְזַאמֶען" הָאט גִיזָאגְט דִיא אִידֶעשֶׁע מֵידִיל, אִיךְ הָאבּ אוּיךְ גִישְׁטֶעלְט אַלִיבְּט" וִויא קֶען דָאס זַיין -הָאט דִי קְרִיסְטְלִיכֶע צוּ אִיר גִיזָאגְט-דוּ בִּיסְט דָאךְ אַאִידֶעשֶׁע ? פַּר שְׁטֵייסְטוּ, הָאט דִיא מֵידִיל גִיעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ גִישְׁטֶעלְט אַלִיבְּט אַפְּן טִישׁ אוּנ הָאבּ גִילֶערִינְט פַּר אִיר.

## 31) דֶער יִשׁוּבְנִיק מִיט דֶעם שַׁדְכָן.

אַיינֶעם אַיִשׁוּבְנִיק הָאט אִים גָאט גִיהָאלְפֶן אוּנ עֶר אִיז גִיוָוארְן אַנָגִיד, עֶר הָאט גִיהַאט אַזוּן חֲתוּנָה צוּ מַאכִין, אִיז גִיקוּמְען צוּ אִים אַשַׁדְכָן רֵיידִין אִים אַשִׁדוּךְ מִיט נָאךְ אַיִשׁוּבְנִיק, וָועלְכֶער הָאט גִיוֵויינְט נִיט וַוייט פוּן אִים; דֶער יִשׁוּבְנִיק דֶער נָגִיד אִיז גִיוָוארְן זֵייעֶר אִין כַּעַס אוּנ הָאט גִיחַאפְּט אַשְׁטֶעקִין אוּנ הָאט אָן גִיהוֹיבִּין צוּ שְׁרַייעֶן צוּם שַׁדְכָן: „יוּנְגַאץ! אִיךְ וָועל דִיר צוּ בְּרֶעכִין דַיינֶע בֵּיינֶער, וִויא הָאסְטוּ דָאס אַהֲעָזָה צוּ קוּמֶן רֵיידִין מִיר אַשִׁדוּךְ מִיט אַיִשׁוּבְנִיק? אַחוּץ פוּן מַיין שְׁטוּבּ"! דֶער שַׁדְכָן הָאט זִיךְ נִיט גִילָאזְט בֶּעטִין אוּנ אִיז גְלַייךְ אַרוּיס; עֶר הָאט אָפּ גִיוַוארְט אַפָּאר וָואכִין אוּנ אִיז ווִידֶער גִיקוּמְען צוּ דֶעם יִשׁוּבְנִיק מִיט אַשִׁדוּךְ, עֶר הָאט אִים דֶר זָעהְן הָאט עֶר אָן גִיהוֹיבִּין צוּ שְׁרַייעֶן: „דוּ בִּיסְט ווִידֶער דָא מִיט אַזֶעלְכֶע שִׁדוּכִים? נֵיין – הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין דֶער שַׁדְכָן – אִיךְ הָאבּ אִיצְט פַּר אַייךְ אַשִׁדוּךְ, וָואס אִיר וָועט זַיין זֵייעֶר צוּ פְרִידִין; מִיט וֶועמֶן אִיז דָאס? – הָאט דֶר יִשׁוּבְנִיק גִיפְרֶעגְט – מִיט דֶעם אַמְשְׁטָדְטֶעד'ר רָב – הָאט דֶר שַׁדְכָן גִיעֶנְטְפֶערְט – „עֶר הָאט אַטָאכְטֶער אַזֶעלְכֶענֶע, אַ יְפַת תּוֹאַר, אַתְּכַסְנִיּוֹת, אוּנ אַגְרוֹיסֶע גִילֶערִינְטֶע, אוּנ עֶר גִיט אִיר אַיינֶע טוֹיזֶנְד רוּבִּיל נַדְן"; דֶעם יִשׁוּבְנִיק אִיז דִיא זַאךְ זֵייעֶר גִיפָעלִין גִיוָוארִין; עֶר פְרֶעגְט דֶעם שַׁדְכָן הָאט אִיר שׁוֹין דָארְטִין גִירֶעט ?

גִיוִויס

גיהיס"–האט דר שדכן געענטפערט ; נוא וואס פר א תשובה האט איך דארפין גיהאט ? פר שטייט זיך – האט דר שדכן געענטפערט – איך האב פון דארפין גיהאט אזא תשובה, וויא איך האב דאמאלסט גיהאט פון איך .

### 32) פון וואנען נעמט זיך דער דלות .

אדארף מאן אקרעצמער האט גיפרעגט אמאל זיין ווייב: „פון וואנען נעמט זיך ביי אונז דר דלות ? דאכט זיך, אז אפוישר נעמט אקוואטירל בראנפין גיסט מען אים אן אהאלבע מיט וואסר אונ נאך א קוואטירל שרייבט מען אים צו אפין וואנט , טא פון וואנען נעמט זיך ביי אונז דער דלות ? פר שטייסטו – האט זיא אים געענטפערט – די קוואטירל וואס מיא שרייבט צו אפין וואנט דארפין גיסט מען דאך ניט קיין וואסער, דער פון איז דר דלות .

### 33) עס איז צו פיל מכות היינטיגין יאר .

אישובניק האט גיזאגט אמאל די הגדה מיט זיין זון, איז גראדע גיוועזן אין דר הגדה אבלאט פון סליחות ; האבין זיי גיזאגט כסדר : אלו עשר מכות שהביא הקב"ה על המצרים במצרים ואלו הן : אשמנו, בגדנו, גזלנו וכו׳ , רופט זיך אפ דר זון: „טאטע עפעס היינטיגן יאהר איז מעהרער מכות וויא פר איאהרין ? „פר שטייסטו מיין זון – האט דער פאטער געענטפערט – היינטיגר יאהר איז גיוועזן אין עבור יאר .

### 34) די שכינה איז אין גלות .

אין חסיד איז אמאל אריין צו דעם אנדערן, האט ער אים גיפונען זייער טרויערג, פרעגט ער אים: „וואס ביסטו אזו טרויעריג" ? „די שכינה איז אין גלות" –האט אים דר אנדערער חסיד געענטפערט – אונ ער אליין וואס איז ? –האט דער חסיד גיפרעגט – פר אים זארגסטו גאר ניט ? –ער איז אמאנסביל – האט ער געענטפערט – אויף אמאנסביל איז ניט אזא רחמנות, אויף איר איז נעבאך יוא ארחמנות .

## 35) די אידענע מיט די קלאָדקע :

אַ אידענע האט גידאַרפט אַריבער גיין איבער אַ טייך, איז גיוועזן אַ שמאָלע קלאָדקע : האט זיא צו גיזאָגט אז זיא וועט אַריבער גיין בשלום וועט זיא אַריין וואַרפן צוואַנציג קאָפּ' אויף ר' מאיר בעל הנס, ווייא עס האט גיהאַלטן ביין סוף איבער גיין, האט זיא חרטה גיהאט, אונ זאָגט : „צו וואס דאַרף איך אים געבן צוואַנציג קאָפּיקעס ; אין דעם האט זיך די קלאָדקע אָן גיהויבן צו שאָקלען, רופט זיא זיך אָפּ: „איך לאַך דאָס אונ ער שטופּט זיך שוין" .

## 36) אַלוח אנווייב .

איינער פלעגט שטענדיג קוקן אין ביכער, רופט זיך אָפּ זיין ווייב אַמאָל „ווייא גוט וואָלט מיר גיוועזן אז איך וואָלט אויך גיוועזן אַ בוך : וואָלסטו דאָך אויף מיר אויך גיקוקט" „איך וואָלט אויך וועלן אז דו זאָלסט זיין אַ בוך – האט ער גיענטפערט –נור אַלוח" ; פאַר וואָס עפּעס אַלוח ? האט זיא גיפרעגט ; פאַר שטייסטו – האט ער גיענטפערט – אז דו וואָלסט גיוועזן אַלוח וואָלט איך אויפן נייעם יאָהר גיהאַט אַ נייע .

## 37) דער גביר מיט דעם שדכן .

אַ גביר האט גיהאַט אַ זון חתונה צו מאַכן, איז גיקומען צו אים אַ שדכן ביידין אַ שדוך, זאָגט דר גביר צום שדכן: „איך בעט איך איר זאָלט ביידין מיין זון מיט אַ שיינע כלה" „איך האב פאַר אים אַ כלה אַ פאַרשוין" –האט דר שדכן גיזאָגט – ער האט מיט אים אָפּ גירעט מען זאָל צו זאַמען פאָהרין זיך זעהן, זיי זיינען צו נויף גיפאָהרין מיט די מחותנים; דר גביר האט דר זעהן די כלה זיא איז אַ גרויסע מיאוסקייט; זיינען זיי פאַנאַנדער גיפאָהרין מיט נישט ; דער גביר איז גיקומען אַהיים איז דר שדכן גיקומען צו אים אונ פרעגט: „וואָס הערט זיך" ? דר גביר האט צוא אים אוים גילאָזין אַלע בייזע חלומות פאַר וואס ער האט אים אָפּ גינאַרט ; איך בין נים שולדיג – האט דר שדכן גיזאָגט – מענט איר מיר גלויבן, אַנטקעגין מיין ווייב איז זיא אַ פאַרשוין .

אשמעק

38) אַשְׁמֶעק טַאבַּאק אַ גְמִילוּת חֶסֶד.

אַיין אָרֶעמַאן האַט גִיוָאלְט טָאן גְמִילוּת חֲסָדִים עֶר האַט אָבֶער נִיט גִיהַאט מִיט וָואס, האַט עֶר זִיךְ מְיַשֵׁב גִיוֶועזֶן אוּנ האַט גִיקוֹיפְט שְׁמֶעק טַאבַּאק אוּנ פְלֶעגְט יֶעדֶערִין גֶעבִּין אַשְׁמֶעק טַאבַּאק. אִיז גִיקוּמֶן דֶר גְמִילַת חֶסֶד טַעֲנָהן פַארִין רבש״ע אוּנ האַט גִיזָאגְט „אִיךְ בִּין דָאךְ אֵיינֶער פוּן דִי דְרַיי זַאכִין וָואס דִי וֶועלְט שְׁטֵייט אוֹיף זֵיי: תּוֹרָה, אוּנ עֲבוֹדָה, אוּנ גְמִילוּת חֲסָדִים, פַאר וָואס פַטֶערְט מִיךְ דֶר אָרֶעמַאן מִיט אַשְׁמֶעק טַאבַּאק״; וָוארְט נִיט – האַט אִים דֶר רבש״ע גִיעֶנְטְפֶערְט – עֶס אִיז פַארַאנֶען אַנְדֶערֶע תּוֹרָה אוּנ עֲבוֹדָה וָואס זֵיינֶען קֵיין שְׁמֶעק טַאבַּאק אוֹיךְ נִיט וֶוערְט.

39) דִי קַאלְטֶע פַארְפִיל.

אַיין אָרֶעמַאן פְלֶעגְט אַרַיין קוּמֶען צוּ אֵיינֶעם שְׁטֶענְדִיג בֶּעטְ עֶסִין, עֶר האַט פוּן אִים נִיט גִיקֶענְט פְּטוּר וֶוערִין. אַיין מָאל זָאגְט עֶר צוּם אָרֶעמַאן „הֶערְט אֶפְשַׁר וֶועט אִיר עֶסִין קַאלְטֶע פַארְפִיל״? „יָא – עֶנְטְפֶערְט דֶער אָרֶעמַאן – פַר וָואס נִיט״; נוּא –זָאגְט צוּ אִים יֶענֶער – וֶועט אִיר אַזוֹי גוּט זַיין קוּמֶען מָארְגִין, דֶען הַיינְט אִיז נָאךְ דִיא פַארְפִיל וַוארִים.

40) דִי נִיט פְרִישֶׁע פִישׁ.

אַיינֶער האַט גִינוּמֶען אַיין אוֹרַח אוֹיף שַׁבָּת, מֶען האַט גִיגֶעבִּין דֶעם אוֹרֵחַ אַחֵלֶק פִישׁ, דִי פִישׁ האַט נִיט גוּט גִישְׁמֶעקְט, האַט דֶער אוֹרֵחַ גִינוּמֶען דִי שְׁטִיקִיל פִישׁ אוּנ האַט צוּ גִילֵייגְט צוּם אוֹיעֶר, „וָואס טוּט אִיר דָאס״? – פְרֶעגְט אִים דֶר בעה״ב – „מַיינֶער אַפָאטֶער האַט זִיךְ דֶר טְרוּנְקֶען – האַט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער אוֹרֵחַ – האָב אִיךְ גִיפְרֶעגְט בַּיי דִי שְׁטִיקִיל פִישׁ אֶפְשַׁר וֵוייס זִיא עֶפֶּעס אַנִירוּם פוּן מַיין פָאטֶער״ „נוּא וָואס זָאגְט דִי פִישׁ? האַט דֶער בעה״ב גִיפְרֶעגְט – זִיא זָאגְט – האַט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער אוֹרֵחַ – אַז זִיא אִיז שׁוֹין לַאנְג פוּן וַואסֶער אַרוֹיס זִיא גִיט.

איך

### 41) איך האב פים.

ביי אין דייטשען האט מען בישטעלט צווייא אורחים אויף שבת, איינער איז גיוועזן קורץ גיקליידעט, אונ דער אנדערער איז גינאנגען אין איין לאנגין ראק, האט דער דייטש צו גינומען דעם אורח וואס איז גינאנגען קורץ גיקליידעט, אונ דעם אנדערין האט ער ניט צו גינומען; רופט זיך אפ דער אורח וואס אין לאנגין ראק צו אים „איך האב פים אויך“ „וואס מיינט איר דערמיט“ — האט דער דייטש אים גיפרעגט — פר שטייט איר — האט דער אורח גיענטפערט — איר האט גיזעהן אז איך גיי אין אלאנגין ראק, האט איר זיך גישראקן איר מיינט ביי מיר איז דורך אויס בויך, וועל איך אויף עסין ביי אייך אלעס וואס עס גיפינט זיך, זאג איך אייך אז איך האב פים אויך.

### 42) דער שכורער שניידער.

אשכורער שניידער האט גירופין צו זיך איין ארעמאן אויף וועטשערע, ער איז ארין מיט אים אין שטוב אונ אליין פאלט ער פון די פים, זאגט ער צו די ווייב: שאסע! וואס האסטו גיקאכט וועטשערע? רופט זיא זיך אפ „אקריינק“ זאגט ער צוא דעם ארעמאן „וועלין מיר דאס ביידע עסין“.

### 43) דער אורח מיט די גרויפין.

מיא האט דער לאנגט איין אורח גרויפין צום עסין, רופט ער זיך אפ צו די ווירטהין, איר האט ניט גימוסט זייען די וואסער; וואס איז? האט זיא גיפרעגט — זאגט ער עס וואלט זיך עפעס דורך א גרויפ אין די וואסער.

### 44) די קאשע מיט דיא תרוצים.

צווייא ארעמע בחורים האבין זיך צו זאמען גיטראפין, זאגט איינער צום אנדערין „איך האב אטאג וואס ווען איך קום עסין קארפעט מען מיר שטענדיג מיט קאשע: אבער קאשע אונ ווידער קאשע“ רופט זיך אפ דר אנדערער צו אים „דו האסט נאך ניט וואס

צו

צוזעלדינגן, איך האב אמאָג וואס מען קאָרמעט מיר דאָרטן שפּענדיג מיט תּירוצים: דאָ האט מען ניט ניקאָכט, דאָ איז די קעכין ניט גיוועזען אין שטוב, דאָ האט די ווירטין קיין צייט, און מיט תּירוצים קען מען ניט זאט ווערין.

### 45) דער אָרעמאַן מיט די טריפלאַך.

אַיין אָרעמאַן האט אַמאָל גיזעהן בייא איין רייכין מיא האט גיגעסין טריפּלעך, אים האט זיך דאס זייער פאַר גילוסט איז ער אַוועק צו זיין ווייב און זאָגט איר זיא זאָל אויך קאָכין טריפלעך: „עס איז דאָך ניטאָ קיין אייער דר צו“ – זאָגט זיא צו אים – אַדראַנה עס וועט זיין רעכט אָן אייער – האט ער גיענטפערט – זאָגט זיא ווייטער, און וואו נעמט מען מילך? „אט – זאָגט ער, עס וועט זיין רעכט אָהן מילך“, און וואו זאָל איך נעמען מעל? אט – זאָגט דער אָרעמאַן – דו וועסט אוים שקראַבין די מולטער וועט זיין אביסעל מעל: די ווייב האט אים ניטאָן זיין פאַרלאַנג, האט אוים גישקראַבעט די מולטער און האט אים אוים גיקאָכט טריפלאַך אָן אייער און אָן מילך, פאַר שטייט זיך וואס פאַר אַטעם דאס האט גיקענט האָבין, אַז ער האט גינומען עסין האט ער גזאָגט: דר שוואַרצער יאָר ווייס די נגידים מיט זייערע מאכלים וואס זיי קלערין אָפּ.

### 46) דער מלמד מיט דעם ישובניק.

אַמלמד האט גיקענעלט ביי אַישובניק, ער האט גינומען ביי אים זיבין גילדין אַזמן, סוף זמן האט אים דר ישובניק גיגעבין פינף קאָפּיקעס און אַרובּיל האט ער אים ניט גיוואָלט אַוועק געבין, זאָגט איינער צום מלמד „וואָס שווייגסטו אים? רופט זיך אָפּ דער מלמד, נוא איבער אַרובּיל נעם קריג זיך מיט אַבעל הבית.

### 47) דער ערינסטער דינער.

אדינער איז אָן גיקומען צו אַווירט, דר שטיינער איז אַז עס קומט אָן אַנייער דינער זאָגט ער צו טאָן אַלע אַרבעט זייער פלייסיג:

ער

ער גייט אריין אין קיך זעט ער וויא דער ווירט שפילט זיך מיט די דינסט מויד, רופט ער זיך אפ צוא דעם ווירט „צו וואס דארפין זיי זיך אליין בעמיהן? זיי קענען דאס איבער געבין מיר, וועל איך זיך מיט איר שפילען, דארפין ביי יענעם ווירט איז דאס אויך געווען מיין ארבעט.

48) אפאטשן אויף איין אמת.

איינער האט געגעבין דעם אנדערין אפאטש אז ער האט דר זעהן דעם זיבעטין הימיל, דער נאך איז יענער געקומען צו אים און פרעגט אים „איר האט מיר געגעבין דעם פאטש אויף איין אמת צו אויף אנגעלעכטער?" „ביי מיר איז ניטא קיין געלעכטער — האט ער אים געענטפערט - איך האב געגעבין אויף איין אמת" נוא אויב אויף איין אמת - האט דר געזאגט - איז גוט, דען אויב אויף אנגעלעכטער איז אזא פאטש גאר קיין געלעכטער ניט.

49) אפלאקין פון ווייטין.

איינער האט געטאהן אשידוך מיט זיין טאכטער, פון גאנץ ווייט, פארענדיג צוריק פון דער חתונה מיט זיין געיעם אידם, האט זיך צו בראכין אראד פון וואגין, דער פורמאן איז אוועק פר אפאר וויארסט און האט געבראכט אפלאקין צוא צעפען צום וואגין מיא זאל וויא עס איז קענען צו פארין צו אדארף, דער מחותן האט גינומן שרייען אויף דעם פורמאן „צו וואס האסטו גידארפט גיין אזוי ווייט זוכין אפלאקין דו האסט דאך גיקענט קריגין נעהנטער"; צו וואס האט איר גידארפט פארין אזוי ווייט נאך אפלאקין — האט דער פורמאן גיזאגט — איר האט דאך גיקענט קריגין נעהנטער.

50) דער אסעסאר וויל צוא נעמען דיא תורה.

אויף אישוב האבין אידין גימאכט אמנין און האבין גידאווינט צו זאמען; אין דעם איז אנגיפארין דער אסעסאר און האט זייא גיוואלט צו טרייבין און צו נעמען ביי זיי די ספר תורה, האבין זיי אים ניט גיגעבין, איז ער גיווארין זייער אין כעס און האט גימאכט

אפראטאקאל

אפּראטאקאל און אנגיגעבן אין סוד, עס איז גיקומן צום סוד האט דר שופט גיזאגט צו דעם אסעסער „בעת גאט האט גיגעבן די תורה האט ער איר פריער ארום גיטראגן צו אלע פעלקער האבן זיי קיינער ניט גיוואלט צו נעמען, נון האט ער איר אוועק גיגעבן צו אידין האבן איר די אידין צו גינומען, טא וואס ביסטו איצט פר אמתותן אפּ צו נעמען ביי זיי די תורה וואס גאט האט זיי גיגעבן“?

51) דער פויער מיט דעם שמעק טאבאק.

איינער איז גיפארין אין וועג האט זיך אים זייער פאר וואלט אשמעק טאבאק, פון ווייטין האט ער גיזעהן וויא אפויער האט גיעפינט די פושקע און נעמט אשמעק טאבאק, איז ער צו גיגאנגען צום פויער און האט ביי אים גיבעטין אשמעק טאבאק, דר פויער האט ניט גיגעבן, ער האט אים גיבאטין פינף קאפּיקעס און דער פויער וויל ניט, ביז ער האט אים גימוסט געבין צוואנציג קאפ׳פר אשמעק טאבאק. דער איד האט אים גיגעבן נאך צוואנציג קאפּיקס און האט גינומען ביי א אים נאך אשמעק טאבאק אפּ וועג. אין אפאר וואכין ארום איז גיקומען דר זעלבינגער פויער אין שטאט מיט אוואגן האלץ, דער איד האט אים דער זעהן איז ער צו גיגאנגען צו אים און האט ביי אים אפּ גיקויפט דעם וואגן האלץ פר זעכציג קאפּיקעס, דר פויער האט אפּ גיפירט דעם וואגן האלץ צו דעם אידין און איז ארין אין שטוב נאך געלט, דער איד האט אים גיבעטין זיצין, דער ווייל האט ער ארויס גינומען די פושקע און האט גיטאן אשמעק טאבאק, דר פויער האט אויך ארין גישטעקט די פינגער אין פושקע און האט אויך גינומען אשמעק טאבאק, דער איד רעדט אזוי מיט אים און דר ווייל טוט ער נאך אשמעק טאבאק, דער פויער נעמט ביי אים נאך אשמעק טאבאק, דער איד פר ברייננט מיט אים נאך ביז דער פויער האט גינומען אדריטין שמעק טאבאק, דר נאך בעט דר פויער ער זאל אים שוין בעצאלין, זאגט דער איד איך האב דיר שוין באצאלט, דער

פויער

פויער האט אן גיהויבן צו שרייען, זאגט דר איד צו אים דו האסט ביי מיר גינומען דריי שמעק טאבאק, ביי מיר קאסט אויך צו צוואנציג קאפיקעס א שמעק טאבאק, אט האסטו אפ גינומען דיינע געלט פר די האלץ, דער פויער איז אוועק גילאפין צום אסעסער, ער האט גישיקט רופין דעם אידין, דער איד איז גיקומען און האט דר ציילט דעם אסעסער די גאנצע מעשה, זאגט דער אסעסער דו מוסט אים דער לייגין נאך צוואנציג קאפיקעס גיב אים נאך א שמעק טאבאק וועט איר זיין קוויט! —

## 52) דעם קצב׳ס איידים מיט דעם הונד.

א קצב איז אריין צו זיך אין שטוב, האט ער גיפונען וויא דר הונד זיינער שטייט און עסט די פלייש און דר איידים איז אין שטוב און לאזט אים עסן, האט ער אנגיהויבן צו שרייען אויף אים פר וואס האט ער גילאזין דעם הונד עסין די פלייש; איר ווייסט ניט — האט דער איידים גיענטפערט — אז שוין פון א יאר אז איך רייד מיט אים ניט, זינד ער האט מיר אביס גיטאן, בין איך מיט אים ברוגז.

## 53) דער אפיקורס.

אין א שטעטיל איז גיוועזן א גביר איין אויף גיקלערטער מען פלעגט אים רופין דער אפיקורוס, איין מאל איז גיגאנגען דר רב פון שטעטיל מיט איינעם צו נויף קלייבין אניטיגע נדבה, זיינען זיי אריין צו דעם גביר אין דר פריא, פרעגט דר רב „וואו איז דר בעל הבית? ער שלאפט נאך האבין זיי אים גיזאגט, אוי וויי! זאגט דר רב עס איז דאך שוין ניין אזייגער ער וועט דאך עובר קריאת שמע זיין; ווארט אויף האבין זיי אים גיזאגט ער וועט באלד אויף שטיין; דר רב האט זיך אנעק גיזעצט און האט גיווארט, ער איז אויף גישטאנען האט מען אים דער לאנגט א מעדניצע מיט וואסער ער האט זיך ארום גיוואשין און האט זיך גיזעצט ביין טיש, מיא האט דער לאנגט צום טיש דעם סאמאוואר ער האט גינומען א גלאז טהיי מיט א בולקע און

האט גינגעסן , אונ דער רב זיצט דער ביי, זאגט ער צום רב „רבי איך אין אפשר אוואונדער וואס איך עס פארין דאוונען ?" יא ! יא ! זאגט דר רב , ווס איז טאקע די מעשה וואס איר עסט פארין דאוונען ? פר שטייט איר רבי – האט ער גיענטפערט – איך דאווין ניט .

64) דער גימאכטער נוטער איד .

איינער האט זיך גימאכט פאר אגוטין אידין , אונ איז ארום גיפארין קלייבין געלט , איין מאל איז ער גיקומען צו פארין מיט זיין נבאי צו א ישובניק , דער ישובניק האט פר שטאנען אן צורה אז ער איז עפעס אגוטער איד , גיט ער אים שלום עליכם אונ פרעגט ווער זייט איר רבי ? „איך בין דעם חבר שקרים"ס איין איניקיל" – האט דער רבי גיענטפערט – דער ישובניק האט ניט גיוואוסט וואס צו טאן איבער אים אז ער האט אזא זכיה אז דעם חבר שקרים'ס איניקיל איז גיקומען צו אים אין שטוב , דער נאך איז צו גינאנגען דער נבאי דעם רבינס צום ישובניק אונ זאגט אים „איר זאלט וויסן אז דר רבי איז אגרויסער עניו ער וויל זיך ניט אויס ווייזין , אין אמת'ן איז ער דער „חבר שקרים" אליין ! –

65) אגוטין מיינונג איבער חד גדיא .

עס איז גיוועזן איינער פלעגט ער מורא האבין צו זאגין חד גדיא , ער האט גיזאגט עס איז ניט קיין גלאטע מעשה מיט די ציג , עפעס אין האלבע נאכט , – דער טאטע האט גיקויפט אציג – פר צוויא גילדין – צו איז דאס ניט נאר אגינגבתה .

66) קלוג גיענטפערט .

איינער אבערידהמטער מגיד , איז אמאל ארין אין אשטוב , ווינען דארטין גיזעסן אחברה כת לצנים , האבין זיי גיוואלט פון אים אפ לאכין , פרעגין זיי ביי אים „פר וואס איז די עשרה מכות אין דר הגדה לאז ניך אין „ויתן לך" ? פר שטייט איר – האט ער זיי גיענטפערט – אז עס וואלט גיוועזן אין ויתן לך וואלט מער ניט גיוועזן ווי א „ויתן לך

לך" אָבער אַז עס איז אין דער הַגָדה אין דאך לך ולך, לך כי לך, אַף לך, אונ האט גִעפירט די האַנד אויף יעדערין בִּעזונדער!

67) נוט גיזאָגט דעם שופט.

איינער האט אַמאל גירופין דעם אַנדערין „נאר", יענער האט אים אָן גיגעבין צום ריכטער אונ דער שופט האט צו גימשפט ער זאל בּאצאלין שטראף, האט ער גיפרעגט „מען טאר ניט רופין דעם אַנדערין „נאר"? ניין! האט גיזאָגט דער שופט, אונ וויא איז — פרעגט ער ווייטער — אַז ער איז טאקע אַנאר? מען טאר אַלץ ניט! אונ וויא איז אַז ער איז אַנאר אונ מען זאל זאגין אויף אים „קלוגער"? דאס מעג מען — האט גיזאָגט דער ריכטער — נוא — רופט ער זיך אָפּ — אַדיע קלוגער ריכטער.

68) דער ליגנער.

איינער פלעגט פאָרין שטענדיג אין ווילנא, אונ פלעגט בּריינגען אַהיים ליגינס אָן אַשעור, פרעגט איינער בּיי אים אַמאל „צו וואס דארפט איר נאך פאָרין קיין ווילנא, איר קענט דאך זיצין אין דער היים אונ דער ציילין ליגינס פון ווילנא?" פר שטייט איר — האט ער גיענטפערט — אַז איך וועל ניט פאָרין אַהין, טאָמער דער צייל איך גראדע אַין אמת.

69) דער גראף אונ דער איד;

אַגראף האט גיזאָגט צו אַאידין „דו בּיסט נאך היער! מאָרגן וועדען דאך אַרונט אונ איידע אויף דעם מארק מיט גישלאָגין" שנעל פּאקט אין אייערע זאכין — האט דער איד גיענטפערט — מיר מוזין בּיידע פון היער ענטלויפין.

60) דיא גיבּע גיווירענדין.

איינע האט אַמאל גיהאט צוויי חדשים נאך דר חתונה אַקינד, האט גיקאבּט די שטאט מיט דעם, רופט זיך אָפּ איר מוטער „דעם ערשטין מאל איז זיא ניט גיניט, ווייטער וועט זיא האבּין צו ניין חדשים.

חקירה

### 61) חֲקִירָה.

עֶס זַיינֶען גֶיוֶעסֶען מֶענְשֶׁן אוּנ הָאבֶּען גֶיקְלֶערְט: וָואס אִיז דִיא מַעֲשֶׂה וָואס אָקְסֶען אוּנ צִיגֶען זַיינֶען דָא אוֹיף דֶער וֶועלְט מֶער וִויא פֶערְד, הָאץ פוּן דִי עֶרְשְׁטֶע קוֹילֶעט מֶען נַייעֶר פִּיל אוּנ פוּן דִי קוֹילֶעט מֶען נִיט? דָאס אִיז נוּר – הָאט אֵיינֶער פוּן זֵיי גֶיעֶנְטְפֶערְט – וַוייל פֶערְד גַּנְבֶת מֶען זַייעֶר פִּיל.

### 62) אַבְרִית בַּייא אַסָאלְדַאט.

אַסָאלְדַאט הָאט גִיבֶּעטֶען דֶעם אָפִיצֶער אוֹיף אַבְרִית, זָאגְט דֶר אָפִיצֶער צוּ אִים: עֶס אִיז דָאךְ עֶרְשְׁט אַמָאנַאט נָאךְ דַיין חַתוּנָה? אִיךְ בִּין דָאךְ גִיוֶועזֶען דִי צַייט אִין שְׁטְרַייט – הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶר סָאלְדַאט– אוּנ אִין שְׁטְרַייט רֶעכֶענְט זִיךְ דָאךְ אַמָאנַאט פַר אַיָאר.

### 63) דֶער בֵּית עוֹלָם:

אֵיינֶער אִיז גִיקוּמֶען אִין אַקְלֵיין שְׁטֶעטִיל אִיז דָארְטֶען גִיוֶועזֶען דֶר בֵּית עוֹלָם נֶעבֶּען שׁוּל הוֹיף, רוּפְט זִיךְ אָפּ דֶר אוֹרֵחַ: אַהִיפְּשֶׁע שְׁטֶעטִיל אוּנ אַזַא קְלֵיינֶער בֵּית עוֹלָם? „דָאס אִיז נוּר פַר אוֹרְחִים", הָאט אִים אַקְלֵיינֶער אִינְגִיל גִיעֶנְטְפֶערְט.

### 64) דֶער מְלַמֵד:

עֶס אִיז גִיוֶועזֶען אַמְלַמֵד, וִויא עֶס וַוייזְט אוֹיס נִיט קֵיין גְרוֹיסֶער פִילִיזָאף, הָאבֶּען זַיינֶע תַּלְמִידִים בַּיי אִים גִיפְרֶעגְט: „פוּן וָואס מַאכְט מֶען פַּאפִּיר?" דָאס וֶוערְט גִימַאכְט – הָאט עֶר זֵיי גִיעֶנְטְפֶערְט – פוּן דִי אִבֶּערְזֶעקֶעס וָואס דִי אַיינְבִּינְדֶער שְׁנַיידֶען אַרוּם דִי סְפָרִים.

65) עֶר הָאט גִילֶערִינְט מִיט אַ אִינְגִיל „וַיִּתֶּן לוֹ אֶת אָסְנַת בַּת פוֹטִיפֶרַע כֹּהֵן אוֹן לוֹ לְאִשָּׁה" הָאט דֶר אִינְגִיל בַּיי אִים גִיפְרֶעגְט: אַנְגְלַח טָאר דָאךְ קֵיין וַוייבּ נִיט נֶעמֶען? הָאט עֶר אִים גִיעֶנְטְפֶערְט: דָאס אִיז גִיוֶועזֶען פַאר מַתַּן תּוֹרָה.

### 66) דֶער גַּנָב.

אֵיינֶער הָאט גִיגַנְבֶת בַּיי דֶעם אַנְדֶערֶען אִין שׁוּל אַטַבַּייקֶעלֶע, הָאט

האט דער לעצטער אן גינעבין אפין גנב אין סוד אונ האט גיבראכט צעהן עדות וואס זיי ווייסין ריכטיג אז דער האט דאס גינגבת, רופט זיך אפ דר גנב צום סודיא: ער האט גיבראכט צעהן עדות וואס האבן גיזעהן וויא איך האב גיגנבת, אונ איך וועל דיר ברייגגען הונדערט עדות וועלכע האבן ניט גיזעהן וויא איך האב גיגנבת.

## 67) בדוק ומנוסה.

איינער האט אמאל גילעזין אין אבוך אז „ביי רעם וואס די בארד איז לייגגער וויא אטפח איז יענער אנאר“ אונ ער האט טאקע גיהאט אלאנגע בארד, האט ער גינומען אונ האט אב גימאסטן זיין בארד פונקט אטפח אונ האט צו גיהאלטין מיטין האנד אונ האט אונטין אונטער גיצונדין עס זאל די איבעריגע אפ ברענען, נאר פר שטייט מען, אז וויא דער פייער איז גיקומען צום האנד האט ער צו גיהאפט די האנד, האט אפ גיברענט די גאנצע בארד, האט ער אונטער גישריבין אין בוך „בדוק ומנוסה“.

## 68) דער רביגער אונ די קראנקע אידענע.

איינער ארביגער זאגט: ער איז „דאקטאר פיליזאף“, ואין איינע יארין מיט בוציגא קדישא ר״ה בויך ווייטיג איז גיוועזן אאידענע עפעס ניט גיזונד אויפן בויך, איז זיא גיגאנגען אין גאס, אריין צו גיין צו אדאקטאר, האט זיא זיך גראדע אפ גישטעלט לעבין הויף וואו דער ראביגער וואוגט אונ פרעגט ביי איינעם: וואו גייט מען ארויף צום דאקטאר? האט איר יענער ארויף געוויזין צום דאקטאר פיליזאף, דאס הייסט צום רביגער, איז זיא ארויף צו אים. פרעגט ער ביי איר וואס ברויכן זיי? זאגט זיא אים „עס האפט איר אפט אשניידונג אין בויך“ אונזער דאקטאר האט פר שטאנען, אז זיא האט אטעות גיהאט, ניט אזא דאקטאר וויא ער מיינט זיא, זאגט ער צו איר „איך בין קיין דאקטאר מעדיצין נור אדאקטאר פיליזאף: האט זיא ביי אים אפרעג גיטאן, וואס איז דאס פר אקראנקהייט?

אסגולה

### 69) אַסְגוּלָה צוּ מַייז.

אַיין אוֹרֵחַ אִיז גִיקוּמֶען צוּ פָארִין אִין אַיין אַכְסַנְיָא אוּנ אִיז דָארְטִין גִישְׁטַאנֶען אַפָּאר טֶעג, פַארִין אַוֶועק פָארִין, הָאט עֶר גִיבֶּעטִין אַרֶעכְנֶענוּנְג, הָאט מֶען אִים גִיגֶעבִּין אַרֶעכְנֶענוּנְג, אוֹיף צֶעהְן רוּבְּל מִיט קָאפִּיקֶעס. אִים הָאט דָאס זֵייעֶר פַּר דְרָאסִין וָואס מֶען רֶעכִינְט אִים אַזוֹי טֵייעֶר, נוּר פַר פַאלִין, דֶער נָאךְ רוּפְט זִיךְ אָפּ דֶער ווִירְט צוּ אִים „אִיךְ בֶּעט אַייךְ אַז וֶוען אִיר וֶועט קוּמֶען אִין שְׁטָאט זָאלְט אִיר אַרַיין פָארִן צוּ מִיר"; „אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין דֶעם אֶמֶת — הָאט גְזָאגְט דֶער אוֹרֵחַ — בַּיי אַייךְ וָואלְט נָאנְץ גוּט גִיוֶועֶן צוּ זַיין שְׁטַאנְצִיֶע, מֶער נִיט פוּן דִי מַייז קֶען מֶען נִיט אוֹיס הַאלְטִן, מִיא קָען אִיבֶּער זֵיי נִיט שְׁלָאפִין אַגַאנְצֶע נַאכְט"; וָואס זָאל אִיךְ טָאהְן ? — זָאגְט דֶער ווִירְט — אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גִיטָאן אַלֶע מִיטְלֶען אוּנ עֶס הֶעלְפְט נִיט; „אִיךְ וֶועל אַייךְ גֶעבִּין אַגוּטֶע סְגוּלָה — הָאט דֶער אוֹרֵחַ גִיזָאגְט — וָואס דָאס וֶועט גִיווִיס הֶעלְפִין"; אַךְ נוּטֶע יָארִין זָאל אִיךְ זַיין, אִיךְ וֶועל אַייךְ אַלֶע מָאל דַאנְקְבַּאר זַיין — הָאט דֶער ווִירְט גִיזָאגְט — זָאגְט מִיר וָואס אִיז דִי סְגוּלָה ?; הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין דֶער אוֹרֵחַ: אִיר זָאלְט זֵיי ווַייזִין אַרֶעכְנֶענוּנְג וֶועלִין זֵיי אַנְטְלוֹיפִין אוּנ וֶועלִין שׁוֹין מֶער דִי אוֹיגִין נִיט ווַייזִין.

### 70) אַקְלוּג וָוארְט פוּן אַחָכָם.

עֶס זַיינֶען גִיזֶועסִין מֶענְשִׁין אוּנ הָאבִּין גִיקְלֶערְט וֶוענִין גָאט, עֶס אִיז זֵיי נִיט גִיפֶעלִין ווִיא גָאט פִירְט דִי וֶועלְט, אַיינֶער זָאגְט: אַז אִיךְ וָואלְט גִיוֶועֶן אַגָאט וָואלְט אִיךְ גִיפִירְט דִי וֶועלְט אַזוֹי . . . נָאךְ אַיינֶער הָאט גִיזָאגְט: אַז אִיךְ וָואלְט גִיוֶועֶן אַגָאט וָואלְט אִיךְ גִיפִירְט דִי וֶועלְט אַזוֹי אוּנ אַזוֹי . . . אַיינֶער אִיז צְווִישִׁין זֵיי גִיוֶועֶן אַחָכָם, הָאט עֶר גִיזָאגְט: אַז אִיךְ וָואלְט גִיוֶועֶן אַגָאט, וָואלְט אִיךְ גִיפִירְט דִי וֶועלְט, ווִיא גָאט פִירְט, דֶען דַאן וָואלְט אִיךְ דָאךְ גִיהַאט שֵׂכֶל ווִיא גָאט, וָואלְט אִיךְ דָאךְ פַאר שְׁטַיין אַז מֶען מוּז פִירִין דִיא וֶועלְט ווִיא גָאט פִירְט אִיצְט.

מענדעלזאהנ'ס

71) מֶענְדֶעלְזָאהְן'ס אַתְּשׁוּבָה ׃

דֶער בֶּארִימְטֶער חָכָם מֶענְדֶעלְזָאהְן אִיז גִיוֶועֶן אַמוֹל הַאלְטֶער בַּיי אַיין קַאנְטָארִיסְט; זָאגְט אַיינֶער אַמָאל צוּ אִים: „נוּא, זָאגְט, נַיים נָאכְט וָואס עֶר טוּט? אַז אִיהְר דַארְפְט זַיין דֶער בּוּךְ הַאלְטֶער, אוּנ אִיהְר ווירְט — אַזאַ פְּרַאכְטֶער מֶענְשׁ — דֶער קַאנְטָארִיסְט; — זֶעהְט וויא נָאכְט אִיז אַחָכָם — הָאט אִים מֶענְדֶעלְזָאהְן גִיעֶנְטְפֶערְט — דֶען, אַז אִיךְ וָואלְט גִיוֶועֶן דֶר קַאנְטָארִיסְט, וויא פַר שְׁטַיים אִיר עָאלְט אִיךְ אִים גִיהַאטֶען פַר אַבּוּךְ הַאלְטֶער?!

72) וואהִין גֵייסְטוּ ׃

דֶער זֶעלְבֶּער חָכָם אִיז גִיגַאנְגֶען אִין גַאס, הָאט אִים אָנְגִיטְרָאפֶן דֶער קֶענִיג, אוּנ פְרֶעגְט אִים וואוּ הִין גֵייסְטוּ? אִיךְ וַוייס נִיט — הָאט עֶר אִים גִיעֶנְטְפֶערְט — דֶער קֶענִיג אִיז גִיוָוארִין אוֹיף אִים זֵייעֶר בַּייז פַר זַיין עֶנְטְפֶער אוּנ הָאט גִיהֵייסֶין מֶען זָאל אִים אַרַאפּ זֶעצִין אִין פֶעסְטוּנְג, קוֹמֶענְדִיג אַהֵיים הָאט דֶר קֶענִיג גִינוּמֶען קְלֶערִין מֶענְדֶעלְזָאהְן אִיז דָאךְ אַבֶּערִימְטֶער חָכָם וויא קוּמְט דָאס צוּ אִים עֶר זָאל רֵייךְן אַזאַ נַארִישְׁקַייט, עֶס מוּז עֶפֶּעס זַיין אַטַּיין אִין דֶעם; עֶר הָאט אִים גְשִׁיקְט רוּפִין אוּנ פְרֶעגְט אִים „פַר וָואס הָאסְטוּ מִיר גִיעֶנְטְפֶערְט „אִיךְ וַוייס נִיט"? הָאט מֶענְדֶעלְזָאהְן גִיזָאגְט צוּ אִים: „הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט רִיכְטִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט, הָאבּ אִיךְ דֶען גִיוואוּסְט וואוּ אִיךְ גֵיי, אָט בִּין אִיךְ גַאר אַוֶועק אִין פֶעסְטוּנְג, וֶוען זַיי וָואלְטִין בַּיי מִיר פְרֶעגִין וואוּ הִין ווִיל אִיךְ גֵיין, כָאן וָואלְט אִיךְ זַיי גִיגֶעבִּין אַרִיכְטִיגִין אַנְטְווָארְט.

73) דֶער קֶענִיג אִיז אַמָאל גִישְׁטַאנֶען מִיט אִיהְם שַׁבָּת בַּיי טָאג אוּנ גִיקוּקְט דוּרְכִין פֶענְצְטֶער אַפִין גַאס, זֶעהְן זַיי וויא אַ אִיד גַייט פַר בַּיי אִין אַשְׁלָאף רָאק אוּנ שְׁנַייצְט אוֹיס דֶעם נָאז אוּנ ווִישְׁט אָפּ דִי הַאנְד אָן קֶענִיגְלִיכֶען פַּאלֶעץ, זָאגְט דֶר קֶענִיג צוּ מֶענְדִילְזָאהְן וָואס זָאגְסְטוּ אוֹיף דֶעם יוּדֶע דֵיינְקָס — הָאט מֶענְדִילְזָאהְן

גיענטפערט

גינאָפערט – אַז בערלין איז אַשלאָף צימער און דער פּאַלעץ איז אַיין שטאָפּ טוך .

### 74) אַװייב אָן אַנאָז .

איינער האָט גיהאַט אַשלעכטע װייב , איז זיא אויף אים אַמאָל װייער אין כעס גיװאָרן, האָט זיא גינומען און האָט זיך אָפּ גישניטן דעם נאָז און זאָגט „לאָז ער האָבין אַװייב אָן אַנאָז" .

### 75) די װייב מיט די קללות ;

איינער האָט גיהאַט זייער אַשלעכטע װייב, װאָס זיא פלעגט אים שטענדיג שילטן , אַגאַנצין טאָג האָט זיך איר מויל ניט צו גימאַכט, אַמאָל האָט זיא גינומען אים זייער שטאַרק שילטן און ער איז גיזעסין און האָט גילאַכט און עס האָט אים גאָר ניט גיאַרט , איז זיא נאָך מער אין כעס גיװאָרין און האָט אָן גיהויבין צו שילטן זיך אַליין , דאָ האָט ער שוין ניט גיקאָנט שװייגין און האָט איר דער לאַנגט גוטע פּעטש און זאָגט: דו פר פלוכטע פרוי, מיין װייב װעסטו שילטן ! מיר אַז דו שילסט אַרט מיך ניט , אָבער מיין װייב װיל איך ניט דו זאָלסט שילטן .

### 76) גישיינקט יאָהרין .

אין אַשטעטיל איז גיװען איין אַלטער מאַן זייער אַפרומער , די שטעטיל האָט אים זייער ליב גיהאַט , איינמאָל איז ער קראַנק גיװאָרין , האָבין גאַנץ שטעטיל פר אים גאָט גיבעטין און האָבין אים גיבראַכט אַדאָקטער , דער דאָקטער, האָט אָבער גיזאָגט אַז מיא קען אים ניט העלפין ער מוז שטאַרבין , האָבין זיך די שטאָט לייט מישב גיװען איין אַנדער מיטיל : יעדער זאָל אים שיינקען עפּעס פון זיינע יאָרן, װעט זיך צו נויף קלייבן שיינע עטליכע יאָר פר דעם אַלטן, זיי האָבין אַזוי גיטאָן און יעדער האָט אים גישיינקט אַביסל יאָהרין, איז צו גיגאַנגען צו אים איינער אַשוסטער און זאָגט : „ר' יצחק איך שיינק אייך צװאַנציג יאָר";װאָס טוסטו דאָס – האָט צו אים איינער גיזאָגט – צו משוגע ביסטו ! װיא גיט דאָס אַמענש אַװעק צװאַנציג

יאָהר

יאר פון זיין לעבין: דאס גיב איך ניט מיינע יאהרין – האט ז געענטפערט – איך גיב דאס אוועק די יאהרין פון מיין טייט די ארוכה

## 77) גילערינט ספרים.

איינער האט זיך בארימט ער האט גילערינט אסך ספרים, הא זיך אפ גירופין צו אים א חכם „אמת דו האסט גילערינט אסך ספרי צו האבין אבער די ספרים דיר גילערינט״ ?

## 78) דער בעל שם.

א בעל שם איז גיקומען אין א שטעטיל האט מען אים בעשטעטי שבת ביי א גלעזער, ער איז דארטין גיוועזן א גאנץ שבת בכבו מוצאי שבת אין מיטין נאכט האט דר בעל שם גינומען בלאנדזשען דעם גלעזערס ווייב, דר גלעזער האט דאס באמערקט און האט גיצונדין פייער און האט גימאכט קולות, אלע האבין זיך אויף נתא און מען האט דעם בעל שם מכבד גיוועזן מיט גוטע קלעפ און נ האט ביי אים אפ גינומען ביז א גראשין וויפיל ער האט גיהאט; ז ריכטיג דאס איז די רייד פון אונזער היילינע גמרא – האט דר ב שם גיזאגט – אז די גמרא זאגט „הרוצה לאבד מעותיו ישתד בבלי זכוכית״.

## 79) דער קדיש זאגער.

ביי איינעם איז גישטארבין א פאטער, פלעגט ער זיך היטין צו זאגין קדיש, דר נאך אז די מוטער איז גישטארבין, ה ער נאך איר ניט גיזאגט קיין קדיש, האט ביי אים איינער גפרע פר וואס נאכן פאטער פלעגסטו יא זאגין קדיש און נאך די מוט ניט? פר שטייט איר – האט ער אים גיענטפערט – בעת זיי ה ביידע גילעבט פלעגין זיי זיך אלע מאל קריגין און אפט גישלאגי אויך, דארום וויל איך ניט זיי זאלין זיין דארטין צו זאמען אין גן זיי זאלין דארטין אויך ניט מאכין קיין לייטישע גילעכטער.

80) זִיבְּעצֶעהְן יָאהְר אַמֵיידִיל.

אַיינֶע אַמֵיידִיל אַלְעם אַיינֶער הָאט בַּיי אִיר גִיפְרֶעגְט וִויפִיל יָאר אִיז אִיר? הָאט זִיא גִיעֶנְטפֶערְט זִיא אִיז אַלְט זִיבְּעצִין יָאר; זַיי וַוייזְן אוים עֶלְטֶער — הָאט אִיר יֶענֶער גִיזָאגְט — „זַיי קָאנְט פְרֶעגִין בַּיי מַיין בְּרוּדֶער עֶר וֵוייס אוֹיךְ“; זָא הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין דֶער בְּרוּדֶער עֶס אִיז רִיכְטִיג אַזוֹי, דֶען שׁוֹין צֶעהְן יָאר, אַז אִיךְ הֶער אַלֶץ אַז זִיא זָאגְט, אַז זִיא אִיז זִיבְּצִין יָאר, נוּא וֶועט זִיא זָאגִין צֶעהְן יָאר נָאךְ אַנַאנְד נוּר אַלִיין?

81) אַקְלוּגֶעס קִינְד.

אַיין אַלְטֶער מַאן הָאט גִיזָאגְט צוּ אַקְלֵיין קִינְד נָא דִיר מַיין קִינְד אַיין עֶפִּיל אוּנ זָאג מִיר וואוּ אִיז גָאט? אָה אַלְטֶער נַאר — הָאט אִים דָאס קִינְד גִיעֶנְטפֶערְט — נֵאט אַייךְ צְווייא עֶפִּיל אוּנ זָאגְט מִיר וואוּ אִיז נִיט גָאט?

82) אַיינֶער הָאט גִיזָאגְט צוּ אַקְלֵיין קִינְד נַייז מִיר בַּיי מִיר אַפִין הַאנְד אַיין אַלֶ"ף, הָאט דֶער קִינְד אִים גִיעֶנְטפֶערְט: וַוייזְט אִיר מִיר אַפִין הַאנְד אַיין „בֵּי"ת“ וֶועל אִיךְ אַייךְ וַוייזְן אַיין „אַלֶ"ף“.

83) שִׁיעֶר נִיט דֶער טְרוּנְקֶען גִיוָוארִין.

אַיינֶער אִיז גִינַאנְגֶען זִיךְ בָּאדִין אִין טַייךְ, הָאט עֶר זִיךְ שִׁיעֶר נִיט דֶער טְרוּנְקֶען, הָאט עֶר גִישְׁוָוארִין עֶר זָאל זִיךְ נִיט צוּ רִירִין צוּם וַואסֶער בִּיז עֶר וֶועט זִיךְ אוים לֶערְנֶען גוּט שְׁווימֶען.

84) זֶעהְן וִויא מֶען זֶעהְט אוים אַז מֶען שְׁלָאפְט.

אַיינֶער הָאט אַמָאל גִיוָואלְט זֶעהְן וִויא עֶר וַוייזְט אוים בְּעֵת עֶר שְׁלָאפְט, הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁטֶעלְט אַנְטְקֶעגִין שְׁפִּיגִיל אוּנ הָאט צוּ גִימַאכְט דִי אוֹיגִין.

85) גִישְׁלָאפִין אִין בְּרִילִין.

אַיינֶער הָאט זִיךְ גִילֵייגְט שְׁלָאפִין הָאט עֶר אָן גִיטָאן בְּרִילִין, הָאט בַּיי אִים אַיינֶער גִיפְרֶעגְט צוּ וָואס דַארְפְט אִיר דִי בְּרִילִין בְּעֵת

אִיר

איר שלאָפֿט? פֿר שטייט איר — האָט ער אים געענטפֿערט — איך האָב אַנדערע ראָיה, אונ מיר חלומט זיך אָפֿט, טוא איך אַן די ברילן, איך זאָל גוט זעהן אין חלום.

86) אַפֿאַרלאַנג פֿאַרין טויט.

איינער האָט געהאַלטען ביין שטאַרבען, האָט ער צו גערופֿען זיין ווייב צו זיך אונ זאָגט צו איר: „איך בעט דיר מיין ווייב וואַש זיך אַרום גאַנץ גוט אונ טוא זיך אָן אין דיינע יום טובדיגע קליידער, מיט אַלע צירונג, וואָס דו האָסט אונ דו זאָלסט זיך אויס פוצין, ווייא אויף דעם גרעסטען פֿאַראַד„; עס איז איר אָפּילו גיט געוועזען דאָס אין קאָפּ נאָר וואָס זאָל מען טאָן, דער מאַן בעט פֿאַרין טויט וויא פֿאָלגט מען ניט! זיא האָט ערפֿילט זיין פֿאַרלאַנג, אונ איז צו גיגאַנגען צו אים, רופֿט ער זיך אָפּ: נוא זאָג מלאך המות איז דען זיא ניט פֿיל שענער פֿון מיר, צו וואָס דאַרפֿסטו מיך, נעם בעסער איר צו.

87) ריבעלע דיא צנועה.

ריבעלע די צנועה האָט זיך באַרימט פֿר די ווייבער אַז בעת חלריע האָט זיא געהאַט אַזוי פֿיל אַרבעט אַרום די חלאים אַז זיא האָט פֿאַרפֿאַסט קיין הענד ניט געהאַט, עס איז ביי איר אַוועק גיגאַנגען אַנאַנצין פֿונטיל פֿעדערין צו ליגין די ווייבער צום נאָז זעהן צו איז זיא שוין גישטאַרבען, דער נאָך האָט זיא צו נויף גיקליבען די פֿעדערין אונ האָט דאָס אַוועק גיגעבין איין אָרעמע כלה, איין מאָל קום איך צו אַוויבעל־דר ציילט זיא — איך ליג איר אַרויף אַפֿעדער אַפֿין נאָז, זיא בלאָזט אַראָפּ, איך ליג איר אַרויף נאָך אַפֿעדער, זיא בלאָזט ווידר אַראָפּ אונ אַזוי נאָך פֿיל מאָל, חלעבין — זאָגט זיא — צו איך האָב דאָס צייט לעבין איך צו שטיין אַגאַנצין טאָג?! אונ האָט גינומען אונ האָט איר אַן גישטאָפּט אַפֿולין נאָז מיט פֿעדערין אונ זיא איז באַלד גישטאָרבין אונ מען האָט איר גלייך אָפּ גיהויבין.

88) דוא בּיסט גֶירֶעכט .

צְווייא מֶענְשֶׁין זַיינֶען גִיקוּמֶען אִין אַשְׁטֶעטִיל צוּם רַב אַרִין תּוֹרֶה הָאבִּין , אֵיינֶער הָאט אָפּ גִיטַעֲנֶה׳ט , זָאגְט דֶער רַב צוּ אִים „דוּ בִּיסט גִירֶעכְט“ דֶר נָאךְ הָאט דֶר אַנְדֶערֶער גִיטַעֲנֶה׳ט , הָאט דֶר רַב צוּ אִים גִיזָאגְט „דוּ בִּיסט אוֹיךְ גִירֶעכְט“ פְרֶעגְט דִי וַוייבּ בַּיי אִים : וִויא קֶען דָאס זַיין בֵּיידֶע זָאלִין זַיין גִירֶעכְט ? הָאט אִיר דֶער רַב גִיעֶנְטְפֶערְט „דוּ בִּיסְט אוֹיךְ גִירֶעכְט“ .

89) אֵיינֶער אוּנ זַיין נִיט פְרוּמֶע וַוייבּ .

אֵיינֶער הָאט גִיהַאט אַווייבּ וָואס מֶען הָאט אוֹיף אִיר זֶייעֶר אָרק גִילַאסְטֶר־ט , הָאט אֵיינֶער אַמָאל גִיזָאגְט צוּ אִים : וָואס פֶעלְט אִיר זַייט אַגַאנְץ שֵׁיינֶער מֶענְשׁ , אַייעֶר וַוייבּ אוֹיךְ אַזוֹנָה , קִינְדֶער לַייטְעשֶׁע , מַא וָואס פֶעלְט אַייךְ ? .

90) אַשְׁנַאפְּס פַארִין דַאוְונֶען .

אַיינֶער אִיז אַמָאל אַרַיין צוּ אַיינֶעם אִין דֶער פְרִיא הָאט יֶענֶער גִיפְרֶעגְט בַּייא אִים : אֶפְשַׁר וָועלִין זַיי מַאכִין אַשְׁנַאפְּס ? הָאט דֶער גִיעֶנְטְפֶערְט : 1 טֶען אִיז פַארִין דַאוְונֶען , 2 מֶען הָאבּ אִיךְ שׁוֹין גִימַאכְט , 3 טֶען ווייזְט אַהֶער וָועל אִיךְ מַאכִין .

91) אַמָאזֶיֶע נֶיֶע פְּרַאוְודַא .

אֵיינֶער אַאִידִיל הָאט גִידַארְפְט פָארִין פַר אַמִיל פוּפְצֶעהְן אוּנ עֶס אִיז דַאמָאלְסְט גִיוֶועזְן שְׁנֵיט צַייט , הָאט עֶר בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גִיקֶענְט קְרִיגִין קֵיין פוּר , דֶען קֵיין פוּיעֶר הָאט נִיט גִיוָואלְט פָארִין אִין דִי צַייט , הָאט זִיךְ דֶער אִידִיל מְיַשֵׁב גִיוֶועזְן אוּנ אִיז אַוֶועק צוּ אַפוּיעֶר אוּנ זָאגְט אִים : אִיךְ הָאבּ פַר דִיר זֶייעֶר אַגוּטִין גִישֶׁעפְט , דַארְפִין אִין יֶענֶער שְׁטֶעטִיל פַר קוֹיפְט מֶען צֶעהְן קֵיילֶעצִין ווייסֶע , גְרוֹיסֶע , אוּנ וַוארֶעמֶע פַר אַגְרָאסִין , דוּ זָאלְסְט מִיט מִיר פָארִין אוּנ דוּ וֶועסְט דַארְפִין אַיין קוֹיפִין אַסַךְ קֵיילֶעצִין , וִויא וֶועסְטוּ נִיט נֶעמֶען דָא לְפָחוֹת צוּ זֶעקְס גְרָאסִין אַקֵיילֶעךְ , וֶועסְטוּ דָאךְ פַר דִינֶען אַסַךְ גֶעלְט“ ; דֶעם פוּיעֶר אִיז

דאס

דאס גיפעלין גיוואָרן, און האט גינומען שפּאנען דעם פערד צו פאהרן, אין מיטין גיט דר פויער ביי אים אפרעג: אמאָל גיע ביאלי! ביאלי! ענטפערט דער אידיל; דער פויער שפּאנט ווייטער, דר נאך גיט ווידער דער פויער אפרעג: אמאָל גיע באלשיע! באלשיע! ענטפערט דר איד, דער פויער שפּאנט ווייטער, און פרעגט ווידער: אמאָל גיע צעפּלי! צעפּלי! ענטפערט דר איד, דער נאך גיט ווידער דער פויער אפרעג: אמאָל גיע דאדוש 10 זא גראש? דאדוש! ענטפערט דר איד, דער פויער האט שוין איין גישפּאנט דעם פערד אין גאנצין איז ער זיך מישב און גיט אפרעג דעם אידין: אמאָל גיע פראוודא? איי — זאגט דער איד — אז דו פאלסט שוין אויף אזא שאלה, קען מען שוין מיט דיר גאר ניט מאכן, (דער משל קען צו גיין קומען צו אפולע זאכין).

### 92) גישפּאצירט אן די ווייב.

איונגער מאן איז גיגאנגען שפּאצירין אונטערין שטאט, האט אים איינער אן גיטראפין און פרעגט ביי אים: פר וואס גייט איר אליין און האט ניט גינומען אייער ווייב צו גיין מיט איר"? איך וועל אייך זאגין — האט אים דער יונגער מאן גיענטפערט — עס איז אמאל גיוועין אמעשה: דער דלות האט זיך אריין גיקליבין צו איינעם, ער האט פון אים ניט גיקענט פטור ווערן ער האט גטאן אלע מיטלען עס האט ניט גיהאלפין, ער האט זיך מישב גיוועין ער וועט ארויס אין איין אנדער שטאט און דעם דלות וועט ער לאזין דא, ער האט גידונגען פורין און האט גינומען פאקין די זאכין, ער זעט דר דלות פאקט זיך אויך, וואס פאקסטו זיך? פרעגט ער דעם דלות, וויא הייסט דאס — ענטפערט דער דלות — איך פאר דאך אויך מיט דיר! וואס רעדסטו? האט ער זיך אפ גירופין צום דלות — די גאנצע זאך וואס איך פאר ארויס איז נור איך זאל פטור ווערין פון דיר, הייגט אז דו וועסט אויך מיט פארין טא וואס איז די פעולה פון מיין אוועק פארין" דאס גלייכין איז — זאגט דער יונגער מאן — מיט מיר אויך,

די

די גאנצע זאך וואס איך גיי אוועק פון שטוב איז, ווייל איך וויל פטור ווערין אוו̈ילע פון די ווייב, זאגט איר איך זאל נעמען דיא ווייב אויך מיט!.

93) געוואלט עסין חמץ.

אאינגיל האט פסח צום סדר געפרעגט ביין פאטער די פיער קשיות, איז וויא ער האט געזאגט „שבכל הלילות אנו אוכלים חמץ ומצה, אז מיר ווילן עסין מיר חמץ אונ אז מיר ווילן עסין מיר מצה" האט דר פאטער אנשריי געטאן: יונגאץ! וואס זאגסטו אליין אז אגאנץ יאר אז מיר ווילין עסין מיר חמץ, וויפיל מאל איז דאך געווען. אז מיר האבין געוואלט עסין חמץ אונ עס איז ניט געווען.

94) דער אמעריקאנער באק.

איינער האט ארום געפירט איין אמעריקאנער באק אויף בילעטין, געוואנליך איין אמעריקאנער באק איז ביי אונז אנייעס, זיינען אלע געלאפין זעהן, איז געווען איינער וואס ער איז געקומען זעהן דעם באק, ער גיט אקוק אזוי פראנער אידיל פירט ארום דעם באק, פרעגט ער ביי אים וויא קומסטו צו איין אמעריקאנער באק? פר שטייט איר — האט ער געענטפערט — דער באק איז אהיגער, — נאר איך בין אגרויסער ארעמאן איך וויל עפעס פר דינען נוא אז איך וועל ארום פירין אהיגין באק ווער וועט דאס. ווילין געבין געלט צו זעהן דעם באק, וואס האב איך געטאן, האב איך גינומען דעם באק אונ האב אים אפגעפארבט אהאלבע בארד אויף רויט אונ אהאלבע אויף גרין אונ איין אויער פר קאסערט ארויף אונ איינער אראפ אונ האב אים אנאמען געגעבין „אמעריקאנער באק" אט נעמען אלע בילעטין אונ אין אמת איז ער אהיגער באק. (אזא מין באק זעהן מיר אפט אויף דר וועלט).

95) דיא ווייב האט אפ גינארט דעם מאן.

איינער האט גינומען אווייב האט זיא אים גיזאגט פאר דער חתונה אז זיא האט טויזינד רובל אונ האט דריי קינדער, אונ זיא איז

אַלְט דְרַייסִיג יָאר, לְסוֹף הָאט עֶר זִיךְ אַרוּם גִיזֶעהֶן נָאךְ דֶער חֲתוּנָה אַז זִיא הָאט נוּר פִּינְף הוּנְדֶערְט רוּבַּל, אוּנ פִיר קִינְדֶר, אוּנ אִיז אַלְט פֶערְצִיג יָאר, הָאט עֶר גִיזָאגְט צוּ אִיר: מֵיילֶע וָואס דוּ הָאסְט גִיזָאגְט אַז דוּ הָאסְט טוֹיזֶינְט רוּבִּיל אוּנ דוּ הָאסְט מֶער נִיט וִויא פִּינְף הוּנְדֶערְט, בִּיסְטוּ דָאךְ נִיט מְחוּיָיב צוּ גֵיין גֶעבֶּנְגֶען נָאךְ פִּינְף הוּנְדֶערְט רוּבִּיל, דוּ הָאסְט גִיזָאגְט אַז דוּ הָאסְט נוּר דְרַייא קִינְדֶער אוּנ אִיצְט הָאסְטוּ פִיעֶר קִינְדֶער, נוּא וָואס זָאלְסְטוּ טָאן דוּ קֶענְסְט דָאךְ נִיט אֵיינֶעם בַּגְרָאבִּין, נוּר דָאס וֶועל אִיךְ דִיר בֶּעטִין: דוּ הָאסְט גִיזָאגְט אַז דוּ בִּיסְט אַלְט דְרַייסִיג יָאר אוּנ אִין אֱמֶת בִּיסְטוּ אַלְט פֶערְצִיג יָאר, וֶועל אִיךְ דִיר בֶּעטִין אַז הָאץ פוּן אִיצְט אָן זָאלְסְטוּ נִיט עֶלְטֶער וֶוערִין.

## 96) אַמַאן מִיט דְרַייא קִינְדֶער.

אֵיינֶער אַנִים הַיוֹנֶער אִיז גִיקוּמֶען אִין שְׁטָאט אוּנ הָאט גִינוּמֶען אַחַייא, הָאט עֶר אִיר גִיזָאגְט אַפְרִיעֶר אַז עֶר הָאט דְרַייא קִינְדֶער, אִיז זִיא מְרוּצָה גִיוָוארִין, דֶער נָאךְ פָארִינְדִינג מִיט אִיר צוּ זִיךְ אַהֵיים הָאט עֶר אִיר גִיזָאגְט אַז עֶר הָאט פִיעֶר קִינְדֶער, נוּא מֵיילֶע וָואס זָאל זִיא טָאן אַז עֶס אִיז רֶעכְט דְרַייא אִין רֶעכְט פִיר, זִיא אִיז גִיקוּמֶען צוּ אִים אַהֵיים הָאט זִיא גִיפוּנֶען אִין שְׁטוּבּ זִיבִּין קִינְדֶער, הָאט זִיא אָן גִיהוֹיבִּין צוּ קְרִיגִין זִיךְ מִיט אִים וָואס עֶר הָאט אִיר אָפּ גִינַארְט, הָאט עֶר צוּ אִיר גִיזָאגְט; „וִויא אַזוֹי הָאבּ אִיךְ דִיר אָפּ גִינַארְט"? אִיךְ הָאבּ דִיר גִיזָאגְט אִין שְׁטָאט, אַז אִיךְ הָאבּ דְרַייא קִינְדֶער, אַפִין וֶועג הָאבּ אִיךְ דִיר גִיזָאגְט אִיךְ הָאבּ פִיר קִינְדֶער, נוּ וִויפִיל אִיז דְרַייא מִיט פִיר, נִיט זִיבִּין?

## 97) דֶער תַּלְמִיד מִיט דֶעם רֶבִּין.

אֵיינֶער הָאט בִּיגֶעגְינְט זַיינֶעם אַרְבִּין אַפַּארְצַייטִינְן, וָואס עֶר הָאט בַּיי אִים גִילֶערִינְט קִינְד וַויים, הָאט עֶר צוּ אִים גִיזָאגְט: „רֶבִּי, אִיךְ וָואלְט זִיךְ דָאס פוּן אִיךְ גָאר נִיט רִיכְטִין אִיר זָאלְט זָאגִין אַזַא לִינְגִין"! בַּיי וָואס פַּר אַלִינְגִין הָאבְּטוּ מִיר גִיחַאפְּט? – הָאט דֶער רֶבִּי בַּיי אִים גִיפְרֶעגְט – „גִידֵיינְקְט אִיר רֶבִּי" – הָאט עֶר אִים גִיעֶנְטְפֶערְט, אַז אִיר פְלֶעגְט מִיר שְׁטֶענְדִיג זָאגִין: „גִידֵיינְק שְׁמָעוֹן, דוּ וֶועסְט חֲרָטָה

חאבין

האָבּן, וָואס דו ווילסט ניט לערנען" — און איך האָט נאָך ער היום קיין תּרומה ניט.

98) אַמאַן מיט אַווייב.

איינער האָט גוועהן, וויא עס גייט אַראָמע מיט אַהער גיאַרעמט און ביידין זיך זייער פריינדליך, פרעגט ער ביי איינם: „דאָס איז אַמאַן מיט אַווייב"? „יא" — ענטפערט יענער — דאָס איז אַמאַן מיט אַווייב, נור ער איז ניט איר מאן און זיא איז ניט זיין ווייב.

99) אַגישפּרעך פון צוויי בעלי מלאכות.

צוויי בעלי מלאכות האָבּן גירעט צווישין זיך, דר ציילט איינר דעם אַנדערין: „מיין טאַטע עליו השלום האָט גיטאַן אין טראַק, און ביין טאַטע ע"ה האָט גיטאַן אין מיעדניק, פלעגין זיי זיך דר לאַנגען אַשמעק טאַבּאַק איינער דעם אַנדערין"; פרעגט דער אַנדערער ביי אים: „וויא אַזוי קען דאָס זיין"? טראַק איז דאָך פיר מייל אויף דער זייט ווילנא, און מיעדניק איז פיר מייל אויף יענער זייט ווילנא, איז דאָך ווייט איינע פון די אַנדערע אַכט מייל, האָט דאָך ביי זיי גדאַרפט זיין די הענט צו פיר מייל די לייננ, אַז זיי זאָלין זיך קענען דער לאַנגען אַשמעק טאַבּאַק איינער דעם אַנדערין? „איי" — האָט אים יענער גיענטפערט — אַז דו פרעגסט קשיות ביסטו גאַר איין אַפּיקורוס, איך וויים מיין טאַטע ז"ל האָט מיר אַזוי דער ציילט דאַרף איך גלויבּין.

100) דער ברית אין דער צייט.

איינע האָט גיהאַט אַאינגיל צוויי חדשים נאָך דער חתונה, אַז עס איז גיקומען צום ברית האָט איינער גיפרעגט: „דאַכט זיך עס איז ביי איר מער ניט וויא צוויי חדשים נאָך דער חתונה, וויא קומט דאָס אַזוי גיך אַבּרית פר דער צייט? „דער ברית איז גיוועזן אין דער צייט" — האָט איינער גיענפערט — נור די חתונה איז גוועזן צו שפּעט.

101) גימאַכט אויף גאַנץ פּסחים.

אַמחבר האָט אָבּיין גיטראָגן זיין ספר צו אַנגביר, דר ספר איז

יוען

גיוֶועזֶען אַפִּירוּשׁ אויף גאנץ פְּסָחִים , הָאט עֶר גִיגֶעבֶּען אַיין גְבִיר אַרוּפֶל פַר דֶעם סֵפֶר : פַר וָואס קוֹמְט פַר דֶעם סֵפֶר אַרוּפֶל ? הָאט דֶר נִיפְרֶעגְט — פַאר וָואס נִיט — הָאט דֶר מְחַבֵּר גִיזָאגְט — אִיךְ הָאבּ דָאךְ גִימַאכְט אויף גַאנְץ פְּסָחִים" ; אונ אַז אִיר הָאט יוֹא גְמַאכְט אויף גַאנְץ פְּסָחִים טָא אִיז וָואס ? הָאט דֶער גְבִיר גִיזָאגְט — אִיךְ הָאבּ אַהַאן הָאט עֶר מִיר אָן גִימַאכְט אויף גַאנְץ ש"ס קָאסְט עֶר מִיר פְּעֶרְצִיג קָאפִּיקֶעם .

### 102) וֶוער אִיז גְרֶעסֶער פַאר גָאט .

דֶער בֶּערִימְטֶער בַּדְחָן אִיצֶעלֶע הַארְמִידֶער אִיז אַמָאל גִיקוּמֶען אִין אַשְׁטֶעטִיל , הֶערְט עֶר דָא אִין שְׁטֶעטִיל אִיז גִיקוּמֶען אַבַּדְחָן אויף אַחֲתוּנָה אוּנ זָאגְט אַז עֶר אִיז דָאס אִיצֶעלֶע הַארְמִידֶר , אִיז עֶר אויף אַוֶועק דָארְטִין אויף חֲתוּנָה אוּנ פְרֶעגְט בַּיי יֶענֶעם : אִיר זַייט דָאס אִיצֶעלֶע הַארְמִידֶער ? „יָא" עֶנְטְפֶערְט יֶענֶער , נוּא וֶוען אַזוֹי וֶועל אִיךְ בַּיי אַייךְ פְרֶעגִין אַשְׁאֵלָה , אַז אִיר וֶועט מִיר עֶנְטְפֶערִין , וֶועל אִיךְ ווִיסִין גִיוִויס אַז אִיר זַייט דָאס אִיצֶעלֶע הַארְמִידֶער , זָאגְט מִיר וֶוער אִיז גְרֶעסֶער פַר גָאט ? נוּא גִיוואֹנְלִיךְ הָאט יֶענֶער אויף אַזאַ שְׁאֵלָה נִיט גִיקֶענְט עֶנְטְפֶערִין , רוּפְט זִיךְ אִיצֶעלֶע אָפּ צוּ אִים : „אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין וֶוער עֶס אִיז גְרֶעסֶער פַר גָאט , אִיךְ בִּין גְרֶעסֶער פַר גָאט , דֶער גָאט הָאט אַייךְ בַּאשַׁאפִין , אוּנ אִיךְ וֶועל אַייךְ אָפּ שַׁאפִין" ! .

### 103) בַּאקַאנְט גִיוָוארִין

אַיינֶער אִיז גִיוָוארִין בֶּיקַאנְט מִיט אַיינֶעם , זָאגְט עֶר צוּ אִים : מִיר פְרֵיידְט זֵייעֶר וָואס אִיךְ בִּין מִיט אַייךְ בַּאקַאנְט גִיוָוארְן , מִיט אַיינִיגֶע יָאר צוּרִיק בִּין אִיךְ בַּקַאנְט גִיוָוארִין מִיט אַיינֶעם אויךְ פוּן דִי זֶעלְבִּיגֶע פַאמִילְיֶע וָואס אַייעֶרֶע , אִיז עֶר גִיוֶועזֶען אַגְרוֹיסֶער חֲזִיר ; „דָאס אִיז גִיוֶועזֶען מִיט מִיר אַלֵיין" — הָאט דֶער גִיעֶנְטְפֶערְט — .

### 104) דִי פְרוֹיא מִיט דִי אֵייזְלֶען .

אַיין אַלְטֶע פְרוֹי הָאט גִיפִירְט אֵייזְלֶען , הָאבִּן אִיר בֶּעגֶעגִינְט אֵיינִיגֶע יוּנְגֶע לַייט , הָאבִּין זֵיי גִיוָואלְט פוּן אִיר אָפּ לַאכִין , זָאגִין זֵיי

צוא

צו איר: „גוט מארגן איך מוטער פון די אייזלען" האט זיא זיי געענטפערט: „גוט יאר אייך מיינע ליבע סינדער".

105) אמחבר האנדילט מיט מעביל.

אמחבר האט אין געטראפפן איינעם, פרעגט יענער ביי אים: וואס הערט זיך, מאכט איר עפעס גוטע געשעפטן מיט אייערע ספרים? איך האב שוין אוועק געווארפין דעם געשעפט פון די ספרים, און האב אין גיהויבין צו האנדלען מיט מעביל – האט דר מחבר געענטפערט; נוא לייזט איר עפעס פר מעביל? האט יענער ווייטער גיפרעגט – דך ווייל האב איך נור גילייזט פר מיין אייגנע – האט דער מחבר געענטפערט!

106) חקירה פון בטלנים.

צוויי בטלנים האבין גיקלערט: וואס איז בעסער אבריתל צו אמתיל? פון אבריתל האט מען אגילדין און פון אמתיל האט מען אגילדין; אבריתל איז בעסער – האט דער אנדערער גיזאגט – ווייל פון אבריתל וועט דאך אמאל זיין אמתל אויך.

107) וואס איז בעסער, צו זיבין שיסלען קאשע, צו פערצין שיסלען גרויפין? ענטפער: פערצין שיסלען גרויפין איז בעסער, ווייל פון פערצין שיסלען גרויפין וועט דאך זיין זיבין שיסלען קאשע און דער צו די יויך אויך.

108) וואס איז בעסער לאקשין צו פארפיל? – האבין צוויי בטלנים גיקלערט – זאגט איינער לאקשין איז בעסער, ווייל פארפיל האב איך מער ניט וויא אין לעפיל און לאקשין האב איך נאך ארום לעפיל אויך; און דער אנדערער זאגט: ניין! פארפיל איז בעסער ווייל פארפיל די וואס איך האב אין לעפיל בין איך דאך זיכער, און לאקשין איז די וואס ארום לעפיל קענען ארוים שלעפין די וואס אין לעפל, און ווידער איז לאקשין גלאט איין ענוי מען דארף ארוים שטעלין דעם צונג" האט דער אנדערער גיפרעגט: אז לאקשין איז איין ענוי פר וואס עסט מען דאס ניט אום תשעה באב? חכם מיינער – האט דר געענטפערט – אז מיא זאל עסין לאקשין אום תשעה

באב

באב ווערט דאך זיין צווייא ענוים אי פאסטין אי עסין לאקשין, און צוויי ענוים איז מען ניט מחויב אום תשעה באב.

## 109) גילאזין די הגדה אין שיינק.

איינער האט גילאזין די הגדה אין שיינק ערב פסח, האט איינער ביי אים גיפרעגט: וויא לאזט איר ערב פסח די הגדה אין שיינק? פר שטייט איר — האט ער אים גיענטפערט — איך האב אן גיגרייט די הגדה אויף ביי נאכט צום סדר, דער וייל האב איך דארטין דער זעהן אזעלכע וויכטיגע מענשן; ר׳ אליעזר, ר׳ עקיבא, ר׳ יהושע אונ ר׳ טרפון, נוא וויא גייט מען ניט אריין מיט זיי מאכין אשנאפס, האבין מיר גימאכט אגוטין שנאפס, איך האב אשטארקע קאפ האב איך גיקענט אוועק גיין, אונ זיי האבין נעבאך שוואכע קעפ זיינען זיי גיבליבין אין שיינק.

## 110) אשלעכטע פרויא.

אגביר האט גידארפט נעמען אווייב זיינען גיקומען די שדכנים אונ האבין אים פאר גילייגט זייער גרוים ארטיגע שדוכים אונ ער האט קיינע ניט גיוואלט, האט ביי אים אשדכן גיפרעגט וואס פר אשדוך ווילט איר? „איר קענט די שעמערניצע — האט דער גביר גיזאגט — וואס זיצט דארטין אונ דארטין מיט אשעמער, מיט איר זאלט איר מיר ריידין.“ דער שדכן האט גימיינט אז ער לאכט דאס פון אים ווייל זיא איז גיוועזן איין ארעמע אידענע אביוואוסטע מרשעת: גיין — זאגט דער גביר — איך לאך גאר ניט, איר וויל איך נעמען, גייט אריבער אונ רעדט מיט איר אונ איך וועל אייך באצאלין שדכנות וויא פון אריכין שדוך“ דער שדכן איז אוועק צו איר אונ האט איר פאר גילייגט דעם שדוך, פר שטייט זיך אז זיא האט זיך ניט גילאזט בעטין אונ איז באלד מרוצה גיווארן, אונ עס איז גיוועזן חתונה ביי זיי, עס איז אוועק עטליכע טעג נאך דער חתונה זאגט זיא צו אים: זאג מיר מיין מאן וואס איך וועל ביי דיר פרעגין: דוא ביזט דאך אזא גביר אונ איידעלער וויא קומט דאס אז דו האסט מיר גינומען? פר שטייסטו

מיין

מײן װײַב — האט ער איר געענטפערט — מיר איז דא זײער גוט אויף דער װעלט, און װיא יעדער מענש איז דאך ניט ריין פון זינד האב איך מורא איך זאל ניט האבן אויף יענער װעלט גיהנם האב איך דיר גינומען דו ביסט ביװאוסט אין שטאט פר אגרויסע מרשעת, װעל איך אפ קומען דעם גיהנם אויף דער װעלט" זיא איז גיװארין זײער אין כעס אויף דעם ענטפער און זאגט צו אים מיט כעס: אזו! מיט מיר װילסטו אפ קומען דעם גיהנם! און אשלעכט װארט װעסטו װען הערין פון מיר! און אקללה װעסטו װען הערין פון מיר! גיין! בשום אויפן ניט! מיט מיר װעסטו קיין גיהנם ניט אפ קומען!

## 111) דער האן מיט די הון.

די גמרא זאגט: אז דער האן װיל זיך שפילין מיט די הון זאגט ער איר צו ער װעט איר מאכין אקלײד און דער נאך שטעלט ער אוים דעם פליגיל און זאגט: זאל מיר אראפ דער פליגיל אויב איך האב אקלײד און מאך דיר ניט, פרעגט דער עולם אקשיא צו אלע מאל קען ער איר דאס אפ נארין? דער תירוץ איז: די הון זאגט אדאגה לאז ער מיר אפ נארין.

## 112) דער שנײַדער.

אײנער האט אװעק גינעבין אשנײַדער אקלײד צו פר ריכטין, האט ער איר אפגיבראכט אין פיל ערגער צורישן; װאס איז דאס? — האט ער בײַ אים גיפרעגט; —מענט איר מיר גלויבין — האט דר שנײַדר גיענטפערט — אז עס איז פריער אויך אזו גיװען.

## 113) אגוטין מײנונג אויף אחתן.

מען האט בײַ אײנעם נאך גיפרעגט אויף אבחור װעגין אשדוך, האט ער גיזאגט; דער בחור דארף נעמען זײער פיל נדן װײל הײַנט איז אזא סחורה זײער טײַער מכמה טעמים: אפערד װאס פלעגט אמאל קאסטין פינף און צװאנציג רוביל קאסט ער הײַנט הונדערט, אחזיר װאס פלעגט קאסטין אמאל צעהן רוביל קאסט הײַנט דרײַסיג, און

אַז אַפִילוּ וואס פלעגט אַמאל נעמען הונדערט רובּיל נאך נעמען חַיינעם טריזינט, און דער בָּחוּר איז אַפּעריד אַיינער אין אַוועלט, און אַחוץ וואס איז זיין גליבין גיטא, און דער צו אַבָּחור אויך, טא וויפיל בּבן דארף ער דאס נעמען ?

### 114) פְּרוּ וּרְבוּ וּמִלְאוּ אֶת הָאָרֶץ ;

איין אַלְטער מאן האט גינומען איונגע ווייב, האט זיי איינער גיבּענצט, צו איר האט ער גיזאגט „פרו ורבו“ און צום אלטין האט ער גיזאגט „ומלאו את הארץ“.

### 115) וואס דארף די וועלט זארגין.

אַחָכָם האט אַמאל גיזאגט: וואס דארף די גאַנצע וועלט זארגן, לאזן אלע דינגען איינם און צאלין אים שְׂכִירוּת ער זאל זארגין פאר אלעמען, אי וואס? אז אלע וועלין אים צאלין שְׂכִירוּת וועט ער דאך גאר ניט זארגין, טא לאז מען מאכין ער זאל דארפין נעמען די שְׂכִירוּת פון זיין האנד וועט ער שוין גוט זארגין.

### 116) אַגוּטער פלאן.

איינער איז גיקומען צו אַחָכָם און האט אים גיזאגט; ער וועט אויף געבין פאר דר וועלט אגוטין פלאן: אלע מענשין זאלן מאכין איין קאסע פון זייערע געלט און יעדער זאל נעמען פון די קאסע וויפיל דאס נעבּרויך איז, וועט זיין גוט פאר אלעמען; האט אים דער חָכָם גיענטפערט: גוט! איך וועל פועלין ביי די ארעמע און איר פועלט ביי די עֲשִׁירִים.

### 117) דער פיליזאף סאקראטעס.

דר גריסער פיליזאף סאקראטעס האט גיהאט זייער אשלעכטע ווייב זיא פלעגט אים שטענדיג שילטין, איין מאל האט זיא אים זייער פיל גישאלטין און ער איז גיזעסין און עס האט אים גאר ניט גיארט, איז זיא נאך מער אין כעס גיווארין און האט גינומען איין עמער וואסער און האט אים ארוף גיגאסין אפין קאפ און אים האט

דאס

דָאס נָאר נִיט גִיאַרְט, זַיינֶע תַּלְמִידִים וָועלְכֶע זַיינֶען גִיוָועזֶען דֶער בַּיי הָאבִּין בַּיי אִים גִיפְּרֶעגְט: וִויא קֶען עֶר דָאס אַזוֹי פִיל לַיידִין? הָאט עֶר אָן גִיהוֹיבִּין צוּ לַאכִין אוּנ זָאגְט וָואס אִיז דָאס בַּיי אַיךְ אַזאַ וואוּנְדֶער, נָאךְ אַדוּנְגֶער אִיז אִימֶער אַרְעֶנִין.

### 118) אַגוּטֶער עֶנְטְפֶער פוּן אַקְלוּגֶע קִינְד.

אַקִינְד הָאט גִיהַאט אַגִילְדֶן, הָאט בַּיי אִים זַיין זַיידֶע גִיבֶּעטִין אַנְטְלַייעֶן דֶעם גִילְדִין, הָאט עֶר נִיט גִיוָואלְט גֶעבִּין, זָאגְט דֶער זַיידֶע צוּ אִים עֶס שְׁטֵייט דָאךְ „וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ כָּמוֹךָ" הָאט עֶר אִים גִיגֶעבִּין דֶעם גִילְדִין, דֶער נָאךְ הָאבִּין אִים דִי קִינְדֶער גִיזָאגְט אַז דֶער זַיידֶע וֶועט אִים נִיט אַוֶועק גֶעבִּן, אִיז עֶר צוּ גִיגַאנְגֶען צוּם זַיידִין אוּנ הָאט גִיבֶּעטִין צוּרִיק דֶעם גִילְדִן, אִיז דֶער זַיידֶע גִיוָוארִין אִין כַּעַס אוּנ זָאגְט: שֵׁיינֶעץ אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבִּין פֶּעץ! זָאגְט עֶר צוּ אִים עֶס שְׁטֵייט דָאךְ „רָשָׁע לָמָּה תַכֶּה רֵעֲךָ" זָאגְט דֶער זַיידֶע צוּ אִים: וָואס אִיז אִיךְ בִּין דַיינֶער אַחָבֵר? הָאט עֶר אִים גִיעֶנְטְפֶערְט: צוּ אַנְטְלַייעֶן דֶעם גִילְדִין בִּין אִיךְ יָא גִיוֶועזֶען אַחָבֵר אוּנ צוּ גֶעבִּין פֶּעץ בִּין אִיךְ נִיט קֵיין חָבֵר?

### 119) דֶער הוּלְטַאי.

מֶענְשִׁין הָאבִּין גִיהַאפְּט אֵיינֶעם אַהוּלְטַיי וִויא עֶר הָאט גִיגֶעסֶען מִילְכִיגֶע זֶעמֶעלֶע מִיט הוּן, הָאבִּין זַיי אִים אַוֶועק גִישְׁלֶעפְּט צוּם רָב, הָאט דֶער רָב אָן גִיהוֹיבִּין צוּ שְׁרַייעֶן אוֹיף אִים מִיט גְרוֹיס כַּעַס אוּנ זָאגְט: וִויא עֶסְט מֶען דָאס זֶעמֶעלֶע מִיט הוּן? וָואס וַוייסְט אִיר נִיט רֶבִּי – הָאט עֶר אִים גִיעֶנְטְפֶערְט – כִּיא נִיט אַבִּיס זֶעמֶעלֶע אוּנ אַבִּיס הוּן, אַבִּיס זֶעמֶעלֶע אוּנ אַבִּיס הוּן, אָט אַזוֹי עֶסְט מֶען זֶעמֶלֶע מִיט הוּן.

### 120) דֶער חַזָן.

אִין אַשְׁטֶעטִיל הָאבִּין זַיי גִידַארְפְט הָאבִּין אַחַזָן, אִיז גִיוֶועזֶען אֵיינֶער אַחַזָן הָאט זִיךְ גִיוָואלְט בַּיי זַיי אָפּ שְׁטֶעלִין אוֹיף דֶעם אוֹפְן מֶען זָאל אִים בַּאצָאלִין שְׂכִירוֹת אוֹיף פִינְף יָאר אַפְרִיעֶר; וִויא קֶענֶען מִיר דָאס טָאן? – הָאבִּין זַיי צוּ אִים גִיזָאגְט – טָאמֶער שְׁטַארְבְּט אִיר

אין מיטין ? נוא וועל איך שטארבין – האט ער זיי גיענטפערט – ווערט זיין קיין מזל, איך דארפט מיר באצאלין אפריער.

121) דער ניט פרומער חזן.

אחזן ניט קיין פרומער האט גינעסין פארין דאווענען, האבין מענשין צו אים גיזאגט: וויא אזוי עסט איר דאס פארין דאווענען? האט ער זיי גיענטפערט: איך נעם פר אדאווענען הונדערט רובל, טא ויא קענט איר פערלאנגען פון מיר איך זאל דאווענען אום זיסט.

122) אמויד מיט אבלאטע זאק.

מענשין זיינען גיפארין אין וועג מיט אבעל עגלה, איז גיוועזן אין בויד זייער איינג צו זיצין, האט זיך איינער ארויף גיזעצט אויף אפוס, האט ער אן גיהויבין צו שרייען וועמעס פוס איז דאס? האט זיך אפ גירופין אמויד: אויב מיט אבלאטע זאק איז דאס מיינע.

123) דער ארום בחור שטראפעט די פערד.

איין ארעם בחור איז גיפארין מיט אבעל עגלה האט דער בעל עגלה גיוואלט שלאפין, האט ער גיגעבין דעם ארעם בחור האלטען די לייצעס אונ פר זאגט אים אז דר פערד ווערט זיך שטעלין זאל ער אים אשטראפע טאן, דער בעל עגלה איז אנשלאפן גיווארין אונ דר פערד האט זיך אפ גישטעלט, איז דער ארום בחור אראפ גיקראבין פון וואגין אונ צו גיגאנגען צום פערד אונ זאגט אים, איין בער גייט.

124) דער פויער מיט די בוזאנעס.

אפויער האט גיבראכט צו אפריץ אקערבעלע עפיל אמתנה, ביי דעם פריץ איז גיוועזן צוויי בוזאנעס, וויא דער פויער האט אוועק גישטעלט די קערבעלע עפיל אויפן טיש אין דער ערשטער שטוב, זיינען ארויס גיגאנגען פון זאל די צוויי בוזאנעס אונ האבין דר זעהן די עפיל האבין זיי גאר קיין שאלה ניט גימאכט אונ האבין אויף גיגעסן די עפיל ביז איינעם, דער נאך איז ארויס דער פריץ אונ פרעגט ביין פויער וואו זיינען די עפיל? האט דער פויער גיזאגט „דיינע קינדער

האבין

האבּין אויף גינעסין" פרעגט דער פריץ ביי אים „וויא אזוי ווייסטו דאס אז דאס זיינען מיינע קינדער ? איך האב גיזעהן — האט דער פויער גיענטפערט — אז זיי האבּין דיין אן בּליק האב איך גלייך פר שטאנען אז דאס זיינען דיינע קינדער .

125) דוא לעבּסט .

איינער האט באגעגינט דעם אנדערין אפין גאס , פרעגט ער ביי אים : דו לעבּסט ? איך האב דאך גיהערט אז דו בּיסט גישטארבּן ; דו זעהסט דאך — האט אים דער גיענטפערט — אז איך בּין ניט גישטארבּין ; ניין ! האט יענער גיזאגט אפאלע וואס איך זעה, דר וואס הט מיר דער ציילט וויים איך אז ער איז איין אמת'ר מענש ער וועט קיין ליגין גיוויש ניט זאגין .

126) אישובניקס א אינגיל האט אן גהויבּין צו לערנען גמרא.

אישובניק האט אוועק גיגעבּין זיין אינגיל צו ארבּין ער זאל מיט אים לערנען גמרא , דער רבּי האט מיט אים אן גיהויבּין צו לערנען די גמרא פון „שור שנגח את הפרה" (איין אקס האט גישטויסין א קוא) דער איגגיל איז גיוועזן אגוטער פייערדיל האט אים דער רבּי גיהרגת פר וואס ער פר שטייט ניט די גמרא , דער אינגל איז אוועק אהיים אונ האט אן גיהויבּין צו וויינען פארין פאטער אונ זאגט : עפּעס איין אקס האט גישטויסן אקוא, איך האב גאר ניט גיזעהן , איך בּין גאר ניט שולדיג , האט מיר דער רבּי גיהרגת .

127) משיח וועט קומען .

אין יאהר ת״ר האט די וועלט גיקאכט אז משיח וועט קומען דעם יאר , איינער פון די בּעלי רמזים האט גיפונען אין דער תורה אריכטיגין רמז אז דעם יאר דארף זיין די גאולה : עס שטייט „ונתתי מטר ארצכם" ד״ה פון ת״ר וועל איך אוועק געבּין אייער לאנד, איז גיוועזן איינער אישובניק זייער אורייכער , אגרויסער בּעל פּרנסה , די פעלדער זיינע זיינען גיוועזן פר זייט , דר צו האט ער גיהאט זייער פיל

חובות

חבֿאת אָפּ צו נעמען, איז ער ארום גינאנגען וויא אַצוטיקמער, ער וועט דאס באַרפֿין לאָזין אַזא גוטס אונ גיין קיין ארץ ישׂראל, רופֿט זיך אָפּ זיין ווייב צו אים: דו נאר וואס זארגסטו, גרעסערע שונאים זיינען אויף גישטאַנען אויף אידין אונ זיי האבּין ניט אוים גיפֿירט, וועט ער אויך ניט אויס פֿירין.

## 128) איינפֿאַלע פֿון אַקלוגין קינד.

דער גרויסער גאון ר׳ העשיל אַלעס ער וואר נאך אַקליינער אינגיל האט ער זיך צו שלאָגין מיט נאך אַאינגל, האט מען דאס דר ציילט דעם פֿאטער, זאגט דער פֿאטער צו אים פֿר וואס האסטו זיך מיט אים גישלאָגין? ער האט מיר גיצעפֿעט - האט ער גיענטפֿערט; זאגט דער פֿאטער צו אים: וואס איז די מעשׂה וואס ער האט נור דיר גיצעפּעט, פֿר וואס צעפּעט ער מיר ניט? נוא לאז זיין וויא דו זאגסט - האט ער גיענטפֿערט - אז איך האב אים גיצעפּעט, פֿר וואס צעפּע איך דיר ניט?

129) דר ביהעלפֿער איז גיקומען נעמען אים אין חדר, זאגט דר בהעלפֿער צו אים: „העשיל קום אין חדר, זאגט ער צום בהעלפֿער גיט אַזוי בעט מען, איך האב גיהערט וויא מיא איז גיקומען בעטין דעם טאטין אויף אמדיט האט דער בעטער גיזאגט... דער אונ דער האט גיבעטין איר זאלט אַזוי גוט זיין אונ קומען אויף מזיט" רופֿט זיך אָפּ דער באהעלפֿער צו אים ר׳ העשיל דער רבּי האט גיבעטין איר זאלט אַזוי גוט זיין אונ קומען אין חדר" זאגט ער צום בהעלפֿער „זאג דעם רבין עס איז גלייך וויא גיוועזן".

130) אז ער האט גילערינט אין חדר „אלף בית" האט זיינער אתבר גיפֿרעגט ביין רבין אַקשיא, דער רבּי האט מיט אים גילערינט צירה פּא - „פּא" פֿרעגט דר אינגל צו וואס דארף נאך שטיין אונטערן פּא אצירה מען זאגט דאך אן צירה אויך „פּא" זאגט דער רבּי צו דעם אינגיל „גיב העשלען אַפּאץ פֿר וואס האט ער ניט גיפֿרעגט די קשיא" נעמט העשיל אונ דער לאנגט דעם אינגיל אַפּאץ, זאגט דער רבּי צו

אים

אים פר וואס האסטו אים גיגעבין אפאץ ? – האט ער גיענטפערט – ביילע איך האלט דאס ניט פר קיין קשיא, אבר ער אז ער האלט דאס יא פר אקשיא פר וואס האט ער גיוואָרט ביז איצט און האט ניט גיפרעגט פריער פין דאָ די וועלכינע קשיא ?.

131) ער האט גיהאט אקליינע שוועסטעריל מיא האט איר גירופין „שרה" האט דר פאטער אמאל גיהאלטין אביין זייער אשיינעם, זאגט דער פאטער צו זיי ווער עס וועט זאגין אגוטין וויטש וועל איך יענעם אוועק געבין דעם ביין, רופט זיך אפ שרה עס שטיים „ולשרה בן" קומט מיר דעם ביין, האט דער פאטער איר אוועק גיגעבין דעם ביין, נעמט העשיל אונ האפט ביי איר ארויס דעם ביין, האט זיא אן גיהויבין צו וויינען, זאגט דער פאטער צו אים: פר וואס האסטו ביי איר ארויס גיהאפט דעם ביין ? האט ער גיענטפערט: דער בית פון ולשרה בן שטיים דאך אן איין פינטעלע לעזט מען דאך ולשרה בן, באדף זיא דאך וויינען.

132) איינער האט אים אמאל גירופין „שיינעץ" האט ער זיך אפ גירופין צוא יענעם: „איידער איר זייט גיוואָרין אגרויסער פויער זייט איר דאך אויך גיוועזען אשיינעץ.

133) איין מאל האט אים דער פאטער גיגעבין אפלאש ער זאל גיין ברייגען ביר, זאגט ער: גיט מיר געלט, זאגט דער פאטער צו אים „אקונטש איז צו ברייגען פר געלט דו ברייגג אן געלט" איז ער אוועק אונ איז גיקומען צו ריק מיט אליידיגע פלאש אונ זאגט צום פאטער נא טרינק, זאגט דער פאטער „עס איז דאך אליידיגע פלאש" נוא – האט ער גיענטפערט – אקונטש איז צו טרינקען פון אפולע טרינק פון אליידיגע.

134) ער האט אמאל גיבעטין מיא זאל אים געבין אהעריגג האט דער פאטער גיהייסין מען זאל דער לאנגען אקאפ מיט איין עק אונ זאגט צו אים נא דיר אהעריגג, ער האט גאר ניט גירעדט אונ קאפ צו גינומען, אויף מארגין אין דער פריא איז ער גיגאנגען דאוונש

אין בהמ״ד אונ אין אמינוט ארום ער איז שוין דא צוריק פון דאווענען, פרעגט דר פאטער ביי אים: וויא אזו האסטו אזוי גיך אפּ גידאווינט? האט ער גיענטפערט: אז אקאפּ מיט איין עק איז אגאנצער הערינג אין מה טובו מיט עלינו אגאנצער דאווענען.

135) ער איז גיגאנגען אין גאס, איז איינער גישטאנען אויף אגאניק אונ זאגט צו אים: העשקע וואסער סדרה גייט היינט? רופט ער זיך אפּ צו אים: איך האב נעכטן פר געסין נור איך האב אייך דער זעהן האב איך זיך דער מאנט אז קרח גייט —

186) ער האט אמאל גיזאגט אדרשה אין שול אז יעדער איז גיוועזן אויסער זיך, אקינד זאל זאגין אזא דרשה, וויא ער האט אפּ גיזאגט איז ער גיגאנגען אפין שול הויף אונ האט זיך גישפּילט מיט די קינדער אין פערדליך, זאגט איינער צו אים: פּאסט דאס פר דיר אזא נארעשקייט, אט איצט האסטו גיזאגט אזא דרשה אונ גייסט שוין שפּילין אין פערדלעך? פר שטייט איר — האט ער אים גיענטפערט — יעדער זאך איז גימאכט גיווארין מיא זאל לאזין אפּ רוהען, איינער גייט אפולע דארף ער זיך זעצין אפּ רוהען, איך האב ערשט גיהארעוועט מיטין שכל צוויי שעה נאך אנאנד דארף איך אים לאזין אפּ רוהען אונ נעמען זיך צו נארעשקייט.

137) איין מאל איז גיקומען צו אים אמחותּן מיט נאך מענשין זעהן אים, זאגט דער פאטער צו אים: העשיל! טרעף וועלכער איז דער מחותן? האט ער אן גיוויזין מיטין פינגער אויף איינעם אונ זאגט אט דער איז דאס, פרעגט דער פאטער ביי אים: פון וואנען פר שטייסטו? האט ער גיענפערט — ווייל איך האב אים שוין פיינד.

138) דער מגיד מיט דעם באק;

אמגיד האט גיזאגט אין אבית המדרש האט ער גיזעהן וויא איינער שטייט אונטערין בימה אונ וויינט זייער ער גיסט מיט טרערין דער מגיד האט זייער גיקוועלין אז מיט זיין דרשה האט ער גימאכט וויינענדיג, נאכין זאגין איז ער צו גיגאנגען צו יענעם אונ זאגט אים

האט איך מין זאגן גוט גינוסען? איך וועל איך דער ציילן רבי – האט אים יענער גיענטפערט – ביי מיר האט מען אמאל גיגנבת אין באק איז די בערדיל זיינע גיוועזן פונקט וויא איערע, וויא איך האב איך דך זעהן האב איך זיך דערמאנט אן דעם באק וואס מיא האט ביי מיר גיגנבת האב איך אן גיהויבן צו וויינען.

## 139) אגוט ווארט פון איין ארימען אינגיל.

איין ארימער אינגיל איז אריין אין אקראם בעטין אנדבה האט מען אים גיגעבין אקאפיקע, שטייט ער אונ קוקט, פרעגין זיי ביי אים וואס קוקסטו? זאגט ער מיין מאמע האלט אקרעמיל גיפינט זיך דארטן סחורה פר דריי רוביל איז זיא אבעל חוב אין צוואנציג, היינט אז ביי איך אין קראם גיפינט זיך אזוי פיל סחורה, טא וואס פר איין בעל חוב זייט איר שוין.

## 140) דער רב מיטין עגל.

אין אשטעטיל איז גיוועזן ארב איז ער לא עלינו זייער ניט קלוג גיוועזן, האלב שטאט האבין אים ניט גיוואלט אונ האלב שטאט האבין אים גיוואלט צו ליב זיינע זכות אבות, איז דארטין גיוועזן זייער מחלוקת צו ליב אים, האט גיזאגט איינער פון צד שכנגדו: וואס ווילט איר האבין פון רב, וואס גיפעלט ער איך ניט? האבין זיי אים אן גיקוקט אין די אויגין זיי ווייסין אז ער איז אלע מאל פון צד שכנגדו אונ איצט האלט ער פר אים? זאגט ער צו זיי איך וועל איך געבין צו פר שטיין: בעת די אידין זיינען גיוועזן אין דר מדבר האבין זיי גימאכט דעם עגל, איז דאך אזעלטענע פליאה מיט פערציג טעג פריער האבין זיי מקבל גיוועזן די תורה אונ האבין גיזאגט נעשה ונשמע אונ שוין אזוי גיך האבין זיי גיטאן אזא נארישקייט צו מאכין אקאלב פר אגאט? דר תירוץ איז: אז משה איז גיקומן צו זיי אונ האט זיי גיזאגט אז גאט וויל זיי געבין אתורה האבין זיי גיזאגט נעשה ונשמע ווייל זיי האבין ניט גיוואוסט אז גאט שטראפט פר יעדער עבירה וואס מען טוט, דער נאך אז זיי האבין גיהערט אז גאט שיינקט ניט

און ער שטראפט פר יעדער זינד, האבין זיי געזאגט: נישט! עס איז מיט אזא גאט ניט קיין פלאן, לאמיר בעסער מאכין די קאלב פר א גאט, פר די קאלב װעלין מיר קענען טאן װאס אונזער הארץ גלוסט און די קאלב װעט אונז קיין דעה ניט זאגין; דאס גלייכין איז מיט אונז, אז מיר װעלן האבין ארעכטין רב װעט ער זיך מישן אין אלעס און זאגין א דעה אין יעדער זאך, אבער איצט אז מיר האבין די קאלב קענין מיר טאן װאס מיר װילין און די קאלב װעט אונז קיין שום דעה ניט זאגין, דארפין מיר גאר קיין אנדער רב ניט װעלן.

141) דער לוה.

אײנער איז אריין צו איין אום בעקאנטין און האט גיבעטין ביי אים אנטלייען א גמילת חסד, זאגט יענער צו אים: װיא בעט איר ביי מיר לייען געלט אז איך קען אייך גאר ניט! אט דאס איז די מעשה – האט דער גיענטפערט – װייל איר קענט מיר ניט בין איך גיקומען צו אייך בעטין אנטלייען, דען אז איר װאלט מיר גיקאנט װאלט איר מיר געװיס ניט אנטלייען.

142) דער חתן האט זייער גיטראפין מיט די כלה.

אײנער האט גיפרעגט א חתן אויף מארגין נאך דער חתונה: װיא האסטו אן גיטראפין מיט דיין װייב? קענטיג אדימענט – האט ער גיענטפערט – אנאכט אײאר: װען איך זאל הערין פון איר א קללה א גאנצע נאכט.

143) דער חתן מיט דיא גילדערנע יוך.

מען האט דער לאנגט א חתן נאך דער חופה די גילדערנע יוך, רופט ער זיך אפ צוא זיין מוטער „מאמע, קענטיג קעסט װעל איך דא האבין גוטע“.

144) דיא נאכריכט.

אשטודענט האט אן גיטראפין איינעם פון זיין שטאט, פרעגט ער ביי אים: װאס הערט זיך ביי אונז אין דער חיים"? האט יענער

גיענטפערט

גיענטפערט: די פאר פערד וואס דר פאטער האט גיהאט זיינען זיי גיפיינגערט", „אוי וויי"! זאגט דער שטודענט – אזא פייערע פאר פערד, וואס איז גיווען די סבה? – דער הויף אייערער איז אפ גיברענט גיוואָרן האבן זיי גיהאָרעוועט צו פיל פירינדיג וואסער זיינען זיי דר פון גיפיינגערט" – „אוי וויי"! זאגט דער שטודענט – דער הויף איז אויך אפ גיברענט גיוואָרן, וויא אזוי איז דאס גיווען? – „די מוטער איז גישטארבן – האט יענער גיענטפערט – אין מען גיצאנגען מיט ליכט האט מען פאר וואָרפן פייער האט זיך אן גיצונדן דער הויף", „אוי וויי"! זאגט ער, די מוטער איז אויך גישטארבן, פון וואס איז זיא גישטארבן? – „זיא האט זיך זייער פאר בענקט נאכן פאטער – האט יענער גיזאגט – וואס ער איז גישטארבן, איז זיא אויך גשטארבן.

## 145) דעם קלעזמערס ווייב.

דעם קלעזמערס ווייב האט גילייענט דעם טייטש חומש, שטייט דארטן: „מרים הנביאה האט גינומען דעם כלי זמר דעם פויק" האט זיא גילייענט: מרים הנביאה האט גינומען דעם קלעזמער דעם פּייאק, זאגט זיא: „אמת אקלעזמער איז טאקע אפּייאק, אוואונדער! מרים די נביאה זאל נעמען אקלעזמער".

## 146) דער גביר מיט דעם מלמד.

ביי אגביר אין הויז האט גילערנט אמלמד, האט דער גביר גיקויפט זייער פיל גאלד מיט זילבער אונ האט זיך זייער גיפרייט מיט דעם, דער מלמד האט זיך אויך גיפרייט, פרעגט אים דער גביר: „וואס איז מיט דיר די שמחה"? – פר וואס זאל איך זיך ניט פרייען – האט גיענטפערט דער מלמד – איך זעט דאך ביי מיר אין שטוב וואס גאלד אונ זילבער עס איז דא, – וויא הייסט דאס ביי דיר אין שטוב? – זאגט דער גביר – וואס וועט זיין אז דו וועסט אוועק פארן אהיים"? – „וואס וועט זיין אז איך וועט אוועק פארן אהיים... – האט דר מלמד גיענטפערט".

דיא

## 147) די טאבליצע.

איינער איז גיגאנגען צווישן די קראמען, זעט ער אויף אקראם הייננט אטאבליצע אונ אויף איר איז אויף גשריבן: „דא פערקויפט מען זיידינוואַרג“ איז ער אריין אין קראם אונ בעט מען זאל אים געבין אזיידינע טיכל, האבין זיי אים אן גיקוקט אין די אויגין אונ זאגין צו אים וויא קומט צו אונז זיידנע טיכער איר זעט דאך אונזרע סחורה איז אלטע סמאטעס אלערליי, זאגט ער צו זיי: פר וואס שטייט אפין טאבליצע אז דא ווירד פערקויפט זיידינס? זאגין זיי צו אים; די טאבליצע איז אויך צו פר קויפין, מיר האבין גיקראגין איין אלטע טאבליצע האבין מיר אויף גיהאנגען טאמער וועט איר ווער אפ קויפן“.

## 148) דער שוואגער.

איין ארעמאן איז אריין צו אגביר בעטין אנדבה האט דר גביר אים ניט גיגעבין, זאגט דער ארעמאן צו אים: איר ווילט מיר ניט געבין וועל איך שיקן מיין שוואגער צו אייך“, פרעגט דער גביר ביי אים ווער איז דיין שוואגער? זאגט דער ארעמאן: איך האב גהאט אשוועסטער האט איר גינומן דר מלאך המות, איז ער דאך מיין שוואגר.

## 149) אזון ניט קיין מענש.

אחכם האט גימאכט חתונה אזון, דער זון איז גיוועז ניט גיראטן אין טאטין, עס איז גיוועזן זייער אפאראדנע חתונה, נאך דר חתונה שבת אויף מז״ט זיינען גיוועזן די גרעסטע לייט פון שטאט, דר חתן איז גיוועזן ניט זייער צו פרידין פון די געסט ווייל ער האט פראכט גיוואלט עסין. האט ער אלע ווייל ארויס גינומען דעם זייגער אונ זאגט: שוין איינס דר זייגער, שוין האלב צוויי, דער פאטער האט גוט באמערקט אז די געסט באמערקין דאס אויך, זאגט ער צו זיי: איך וועל אייך דער ציילין אמעשה: עס איז אמאל איינער גיפארין אין וועג האט זיך אים זייער פר וואלט עסין, זאגט ער צום פורמאן: פאר צו גיכער צוא אקרעצמע וועלין מיר דארטין עפעס עסין, זיי זיינען

גיקומען

גיקומען צום קרעצמע זיינען זיי אריין גיפארין אין שטאדאלע האבין זיי גיזעהן עס שטייט אמענש, פרעגין זיי ביי אים: צו איז ניטא ביי אייך עפעס וואס צו עסין? דער מענש ענטפערט: עס איז ניטא קיין זאך, האבין זיי גינומען פארין ווייטער, דער קרעצמער האט גיזעהן וויא עס איז אריין גיפארין איין אורח אונ פארט שוין ארויס איז ער ארויס גילאפן אונ פרעגט ביין אורח: פר וואס פארט איר אוועק? האט גיענטפערט דער אורח: דער מענש אייערער האט גיזאגט עס איז ביי אייך קיין זאך ניטא וואס צו עסין, רופט זיך אפ דר קרעצמר: „דאס איז ניטוקיין מענש, דאס איז מיינער אזון".

150) גימאכט שותפות מיטין רבין.

אייכער מאן וואס האט גיהאט זייער פיל בהמות, האבין ביי אים אן גיהויבין צו פיינערין די בהמות, איז ער אוועק גילאפין צום רבין פרעגין ביי אים איין עצה, זאגט דער רבי צו אים „דו נעם מיר צו פר אשותף וועל איך שוין פר זאגין דעם מלאך המות ער זאל די בהמות ניט צעפען" ער האט אזוי גיטאן אונ האט צו גינומען דעם רבין פר אשותף אונ די בהמות זיינען נעבאך אוים גיפיינערט ביז איינע איז ער אוועק גילאפין צום רבין וויינענדיג אונ דער ציילט דאס דעם רבין, זאגט דער רבי צו אים נוא מיילע דער סלאך המות וועט שוין ביי מיר האבין זיין פסק פר וואס ער האט מיר ניט גיפאלגט, אבער דו גיב מיר אהעלפט פון די פעל, דען איך בין דאך דיינער אשותף.

161) דער ליגנער.

עס איז גיוועזען איינער אליגנער וואס ער פלעגט דער ציילין וועלטענע ליגינס, האט מען אים אויף גיהערט צו גלויבין, האט ער גידונגען איינעם אז ער זאל מסכים זיין אויף אלעם וואס ער וועט דר ציילין אז עס איז איין אמת, איין מאל דער ציילט ער אז ער האט גיזעהן אוואגין פון איין עק וועלט ביז די אנדרע עק וועלט אונ די הלאבלעס זיינען גיווען אויף יענער זייט וועלט, האט גיזאגט דר גידונגענער „דאס איז אליגין" שטייט — זאגט ער צו אים — איך האב

דאך

דאך דיר נידונגע דו דאלסט זאגן אויף אלעס אז עס איז איין אמת! רופט זיך אפ יענער: איך האב זיך מיט דיר באדונגען מסכים צו זיין נור אויף אלינן וואס עס קען גימאלט זיין אויף דער וועלט אבער אזא לינן וואס ער נייט ארויס אויף יענער זייט וועלט האב איך זיך ניט באדונגען.

## 152) דער מגיד מיט דעם רב.

אין א שטאט איז אנגיקומען א מגיד, איז ער ארייין גיגאנגן צום רב, ער וועט אז דער רב איז עפעס פון אים גאר ניט צו פרידן, פרעגט ער ביי אים: וואס האט איר צו מיר"? זאגט דער רב: פר שטייט איר, איך אליין האב דא אויך ניט פון וואנען צו לעבן, עס קומט מיר פון שטאט צוויי הונדערט רובל שכירות און איך קען ניט אפ נעסטען און איצט אז איר זייט נאך אויך גיקומען וועט זיין גאר ניט גוט, זאגט דער מגיד צו אים איך וועל אייך דער ציילן א מעשה: עס איז אמאל גיוועען אין א שטוב הינער, זיי זיינען גיוועען פר שפארט אין קאמיך און די מויד האט גאר פר געסין אויף זיי צו געבין זיי עסין, עס איז אוועק אזוי איין טאג און צוויי טעג און די הינער עסין ניט, דר נאך האט מען ארייין גיטריבין צו זיי א האן, האבין די הינער אן גיהויבין צו מורמלען אפין האן, מיר האבין אליין אויך ניט וואס צו עסין איז ער נאך אויך גיקומען אויף אונזער קאפ, רופט זיך אפ דער האן צו זיי: איר זאלט גאר ניט זארגין איר וועט זעהן איך וועל אנהייבין צו קרייען וועט מען שוין געבין עסן, עס וועט זיין גינונג פר אונז אלעמען" דאס גלייכין – זאגט דער מגיד – וועט זיין מיט אונז אויך, איך וועל אן הויבין צו קרייען: אין שול וועט מען אייך באצאלין די שכירות און פר מיר וועט אויך זיין גינוג.

## 153) דער שניידער מיט די גמרא.

צוויי ישיבה בחורים האבין זיך גיאמפערט אין א שטיקל גמרא זיי האבין בשום אופן ניט גיקענט דורך קומען צווישין זיך, איז ארייין אין קלויז איינער א חויבער מענש מיט אגרויסע באדר מיט א גראבן

פרך

ביז ער האט אויס גיזוכט אפעם נאר וויא ארב אוג ער איז טאקע גיווען אשניידר, די ישיבה בחורים האבין אים דער זעהן תאפן זיי גידעכינט אז ער איז אגרויסער למדן, האבין זיי אים גיבעטין ער זאל זיי דער קלערין די שטיקיל גמרא, רופט ער זיך אפ צו זיי: דאס איז דאך דער נס וואס איר האט אן גיטראפן מיר וואס איך קען לערנען, אבער איר וויא נייט איר דאס צו צו אמענשין וואס איר קענט אים ניט צו קען ער לערנען צו ניט – פרעגין ביי אים אשטיקיל גמרא, איר קענט דאך אים מבייש זיין, אונ דר פר וועל איך אייך טאקע ניט זאגין.

164) נאך אזא מעשה איז גיווען מיט אשניידער, ישיבה בחורים האבין ביי אים גיפרעגט אשטיקיל גמרא האט ער צו זיי גיזאגט: פויערים אזא גרינגע שטיקיל גמרא זאלט איר ניט וויסן, איך וועל אייך בשום אופן ניט זאגן, איר זייט ניט קראנק צו הארעווען אליין אונ מאטערין זיך איר זאלט אליין וויסן די שטיקל גמרא.

165) דער מגיד מיט דעם גביר.

דער ווילנער מגיד ר׳ וועלוויל ע״ה איז אמאל גיגאנגען צו נויף קלייבין געלט אויף זייער אנייטיגע זאך, זיינען זיי ארין צו אגביר, דער גביר האט דער זעהן דעם מגיד האט ער אים זייער שיין צו גינומען אונ האט גישטעלט כבוד אפין טיש אגוטע פלאס ווין אונ האט גינומען זאגן תורה פארין מגיד, דער מגיד האט אלס דרך ארץ גימוזט אויס הערין זיין תורה, ער האט גיענדיגט די תורה האט ער אן גיהויבין אנייע, זאגט דער מגיד צו אים: פר שטייט איר ר׳.. מיר זיינען דאך ניט גיקומען צו אייך נאך תורה מיר האבין דאך ניט קיין צייט" אט באלד, באלד – ענטפערט דער גביר – אט איך ענדיג שוין, אונ זאגט ווייטער אונ פר דרייט זיי די קעפ מיט זיינע תורה, דער מגיד האט גיזעהן אז עס נעמט ניט קיין סוף, זאגט ער צו אים: הערט, איך וועל אייך דער ציילין אמעשה: עס איז אמאל גיווען איינע פלעגט וויא האדערנע הינער, די מויד אין שטוב איז גיווען אויף

גינומען

גינומען איבער די הינער צו געבין זיי עסין אונ טרינקען אין דער צייט, ויהי היום די מויד האט אפ גיטראכטין פון דארטין אונ עס איז אן גיקומען אנייע מויד, זיא האט גאר ניט גיוואוסט פון די הינר, זיי זיינען גיוועהן פר שפארט אין קאטוך אונ עס איז אוועק איין טאג אונ צוויי מען גיט די הינער ניט עסין, „רופט זיך אפ אהון צום האן: וואס טוט מען וואס מען גיט אונז ניט עסין? לאמיר זיך אפשר גאר איבער בייטין, איך וועל אן הייבין צו קרייען אונ דו זאלסט לייגין אייער, קען זיין אז מיא וועט אונז געבן עסין" דאס איז ניט קיין פלאן – ענטפערט דר האן – דו פר שטייסט דאך אז איך לייגין אייער קען איך ניט אונ אז דו וועסט אן הויבן צו קרייען וועט מען דיר גאר קוילן". דאס גלייכין איז מיט אונז אויך, איך בין אמגיד דארף איך זאגין תורה, איר נייט אגביר דארפט איר געבין געלט, ווילט איר זיך מיט מיר בייטין איר זאלט זאגין תורה אונ איך זאל געבין געלט, דארפט איר פר שטיין אז איך קיין געלט קען איך ניט געבין אונ איר זאלט זאגין תורה איז אויך ניט קיין פלאן, איר גיט בעסער געלט.

166) די מלקות ערב יום כפור.

איין אורח האט גיהאלטין יום כפור אין אשטעטיל איז ער אריין ערב יום כפור אין בהמ"ד דאווענען מנחה, נאך מנחה זאגט צו אים דער שמש: ר' איד ווילט איר אפשר זיך שלאגין מלקות? דר איר האט זיך איין גיבייגין אונ דר שמש האט אים אפ גיציילט די לט מלקות, ער איז אויף גישטאנען אונ וויל אוועק גיין, זאגט דר שמש צו אים ר' איד מיא דארף דאך . . . וואס נאך? – פרעגט דר אורח – זאגט דער שמש: מען דארף בצאלין, וואס הייסט בצאלין – ענטפערט אים דער אורח – לא מצינו בכל התורה כלה לוקה ומשלם: דאס הייסט, מיר גיפינען ניט אין דר תורה אז מען זאל גישלאגין ווערין מיט מלקות אונ ער זאל נאך באצאלין.

167) אפסחדיגע שאלה.

אמיידיל איז גיקומען פסח צום רב פרעגין אשאלה אונ זאגט:

מען

מען האט אַריין גילייגט צוויי קניידלעך אין טאפ האט מען גיפונען אדרימע ? דער ביי איז גיזעסן איונגער מאן ער איז גיקומען נעמען סמיכה ביין רב, זאגט דער רב צו אים: פסקת איר דיא שאלה, דר יונגער מאן האט געבעך ניט גיוואוסט וואס צו זאגן, זאגט דער רב צו אים: וואס פר שטייט איר ניט, די מיידיל קען ניט שארף ביידין ויא מיינט מיא האט גיפונען אגריקע.

168) גיוואָרין אַלמָן.

אַישובניק איז גיוואָרין אַנגיד, נוא ויא דער שטיינער איז אז מען ווערט אנגיד ווערט מען שוין אחכם אונ אלמן, פרעגט אמאל איינער ביי דעם ישובניק פון וואנען זייט איר גיוואָרין אלמן? אט איך וועל אייך דער ציילין וועט איהר הערין: דער פריץ האט מיר בעגעגינט האט ער ביי מיר גיפרעגט צו האב איך ניט גיזעהען זיין הונד, ער איז פר פאלין גיוואָרין, האב איך אים גיענטפערט השומר אחי אנכי? נוא בין איך דען ניט קיין למדן?.

159) דער חתן מיט דיא כלה.

אַחתן איז גיקומען צוא אַכלה האט מען אים אַריין גינומען אין זאל אונ דער זאל איז גיוועזן זייער שיין פאר פוצט, האט דר חתן אַשפיי גיטאהן די כלה אין גיזיכט, איז זיא גיוואָרן זייער אין כעס, זאגט דער חתן נעם ניט פאר אומגוט, דען אין גאנצין זאל איז אומעטום ריין אונ שיין האב איך ניט גיפונען אַסיאוסן אָרט אַשפיי צו טאהן נור ביי דיר אופין גיזיכט.

160) איינער האט זיך גיקלאגט פר מענשן: "וואס טוט מען, מיין איידים קען אין קארטין ניט שפילין אונ קען קיין בראנפין ניט טרינקען" האבין זיי צו אים גיזאגט: דאס איז דאך אדרבה גוט; האט ער זיי גיענטפערט: פר שטייט איר ער קאן אין קארטין ניט שפילין אונ שפילט, ער קען קיין בראנפין ניט טרינקען אונ טרינקט דווקא.

161) דער גידראטעוועט איידים.

איינער האט אמאהל גיזאגט עס איז אין אומגליק מיט מיין איידים

אײדים, ער איז אַחזן און אַשרײבער און אַמחבר, זאָגט זײ צו אים
דאָס איז דאָך אַלץ מעלות! האָט ער צו זײ געזאָגט פֿאַר שמײס איך:
ער איז אַנדערער נאַר, װאָלט איך אַלײן מער ניט געװאוסט, איז ער אָבער
אַחזן, װײסן גאַנץ שול אַז ער איז אַנאַר, הײנט װאָלט מען מער ניט
געװאוסט װיא דאָ איז שטאָט, איז ער אַשרײבער, און שרײבט בריף
אין אַנדערע שטעט װײס מען שוין דאָרטין אױך, הײנט איז ער אַמחבר
װײס מען שוין אױף דער גאַנצער װעלט אַז ער איז אַנאַר.

162) די חכמים און די רײכע.

מ'א האָט געפֿרעגט בײא אַחכם: װער איז מער געעהרט די
חכמים צו די רײכע? האָט דער חכם געזאָגט: „די חכמים" האָבן זײ
געפֿרעגט בײ אים: פֿאַר װאָס גײען די חכמים צו די רײכע און די רײכע
גײען ניט צו די חכמים? האָט דער חכם זײ געענטפֿערט: װײל דער
שטײגער איז אַז דער רופֿא גײט צום חולה.

163) פֿראַגע. פֿאַר װאָס ניט אַגביר געבער אַנדבה אַקאַליקע אָדער
אַבלינדין, און אײן אָרעמען חכם גיט ער ניט?
ענטפֿער: װײל פֿון צו װערין אַלײן אַקאַליקער אָדער אַבלינדער איז
דער גביר ניט זיכער, אָבער פֿון צו װערין אַלײן אַחכם
איז ער געװיס זיכער.

164) ר' מנשה אילייער און דר קלײן שטעטעלדיגער רב.

הרב החכם ר' מנשה אילייער איז אַרײן אין אַקלײן שטעטעל
צום רב זעהט ער װיא דער רב זיצט אײנער אַלײן בײ אַדין תורה,
זאָגט ר' מנשה צו אים: איר האַלט דאָס ניט װאָס עס שטײט „אַל
תהי דן יחידי" (דו זאָלסט ניט פסקענען אַדין תורה אײנער אַלײן)?
ענטפֿערט אים דער רב: „איך און דער חושן משפט זײנען מיר צװײ"
האָט ר' מנשה צו אים געזאָגט: דאָס איז דאָך שוין גאָר ניט פֿײן פֿון
אײך, די גמרא זאָגט אַז די חשובי ירושלים פֿלעגן ניט זיצן מיט
אײנעם בײן טיש סידין אַז זײ האָבן אים געקענט, און איך קענט
דאָך ניט דעם חושן משפט טא װיא זיצט איר מיט אים?

אײנער

### 165) אקלוגער ענטפער פון אַ רב :

איינער אחברה מאן איז אריין צו א רב אונ האט ביי אים גיפרעגט: עס שטייט אז מען זעט אתלמיד חכם דארף מען זיך שטעלן, אונ אז מען זעהט אביינאנד הונד דארף מען זיך זעצן, הייגט אז עס מאכט זיך ביידע מיט אמאל אתלמיד חכם מיט אהונד וויא זאל מען טאן? האט דער רב גיענטפערט: אזא דין וואס מיא קען ניט פסקענען ריכטיג זעט מען וויא די וועלט פירט זיך, טא לאמיר ביידע ארויס גיין אפין גאס וועלין מיר זעהן וויא דער עולם וועט טאן .

### 166) דער דובנער מגיד.

דער דובנער מגיד איז גיפארין אין וועג מיט אבעל עגלה און גיקומען ארויף בארג איז דער דובנער אראפ גיגאנגען פון וואגן, זאגט דער בעל עגלה צו אים: רבי איך מעג דער פערד פירן ארויף בארג אויך" האט אים דער דובנער גיענטפערט: איך וועל אייך זאגן: עס קען זיין אז איך וועל האבין אויף יענער וועלט אדין תורה מיט דעם פערד ביי בית דין של מעלה וועל איך מאקע גיווינען, איך וויל אבער מיט אפערד קיין דין תודות ניט האבין .

### 167) דער פאטער מיט דעם זון.

אפאטער האט זיך גיאמפערט מיט זיין זון אין אזאך, זאגט דר פאטער צום זון: ביסטו דאס קליגער פר מיר? זאגט דר זון צו אים: קליגער פר דיר זיים איך ניט, נור אלץ ביסטו מיט אדור נעהענטער צו תרח'ן וויא איך, האט אים דער פאטער גיענטפערט: אבער דר פר ביסטו דאך מיט אדור ווייטער פון אברהם'ן וויא איך .

### 168) דר אורח מיט די קרעצמערקע ;

איין אורח איז גיקומען אין אקרעצמע האט ער זייער גיוואלט עסין, פרעגט ער ביי די בעלת הבית: קריג איך אפשר ביי אייך אשטיקיל פלייש? איך וויל זייער עסין; עס איז ניטא – ענטפערט זיא; אפשר קריג איך אפעם מילכיקס? גיין! אפשר איז דא ביי אייך

ארחעריג

אַהערינג? ניין! אַפּולקע וועל איך אפשר בּיי אייך קריגין? ניטא! אפשר איז דא ובּיי אייך אַשטיקל בּרויט ניט מיר? אך – זאגט זיא – וואס פאר איין נאשער אַאיד דאס איז, אלץ ווילט זיך אים.

## 169) אַשׂכל פון אַקרעמער.

איינער איז אַריין אין אַקראם קויפין סחורה האט דער קרעמער בּיי אים גיבעטין וויפיל ער האט גיבעטין, פרעגט ער בּיין קרעמער: איך נעם בּיי אייך פאר גרייטע געלט רעכינט איר מיר טייערער אונ יענער האט בּיי אייך גינומען אויף בּארג האט איר אים גירעכינט וואלוועלער? פאר שטייט איר – האט אים דער קרעמער גיענטפערט – בּיי יענעם קען זיין עס זאל זיין פאר פאלין איז דאך גלייבער עס זאל זיין ווייניגער פאר פאלין.

## 170) דער עצה געבער.

איינער איז גיקומען צו אגביר זיינער אַקרוב, בּעטין בּיי אים אַשטעלע, פרעגט דר גביר בּיי אים: קענסטו פירין אבוך? ניין! – ענטפערט ער – קענסטו שרייבּין? ניין! טו וואס דען קאנסטו? „איך קען געבּין עצות" ווען אזוי – האט דער גביר גיזאגט – טא גיב מיר איין עצה ווי ווער איך פּטור פון דיר.

## 171) אַנייער פירוש אויף הגדה.

אַמחבר האט גימאכט אַנייעם פירוש, אויף הגדה, האט בּיי אים איינער גיפרעגט: איז דען קנאפּ פירושים אויף הגדה, וואס ווילט איר נאך מיט אייער פירוש? פאר שטייט איר – האט אים דער מחבר גיענטפערט – פון יענע פירושים קען איך אָבער קיין פסח ניט מאכין.

## 172) דער דאקטאר אונ דר קראנקער.

אַדאקטער איז גיקומען צו איין קראנקין, האט דער קראנקער גינומען זייער וויינען, זאגט דר דאקטאר צו אים, וויין ניט, דו וועסט ווערין גיזונד, דען נאכין רעכענונג ווערד גיזונד פון די קראנקהייט איינער פון הונדערט אונ ניין אונ ניינציג זיינען שוין דורך מיין האנד גישטארבין

גִישְׁטָארְבְּן פוּן דִיא קְרַיינְק אוּנ דוּ בִּיסְט דֶער הוּנְדֶערְטְּער דַארְפְסְטוּ וֶוערְן גִיזוּנְד ׃

173) דֶער סְלָאנִימֶער מַגִיד ׃

אִין סְלָאנִים אִיז גִיוֶועןְ אַמַגִיד, עֶר אִיז גִיוֶוען בַּאוואוּסְט אוֹיף דֶער וֶועלְט פַר אַמְשׁוּגֶענֶעם, בְּעֵת עֶס אִיז אַרוֹיס דֶער סֵפֶר „מִלְחָמָה בְּשָׁלוֹם“ (דִי גִישִׁיכְטֶע מִיט יוֹסֵפְ'ן מִיט דִי בְּרִידֶער) אִיז דֶער מַגִיד זֵייעֶר נִתְפַּעֵל גִיוָוארְן פוּן אִים, עֶר אִיז אִים זֵייעֶר גִיפֶעלִין גִיוֶוען, זָאגְט עֶר ׃ „אַזַא מֶענְשׁ וָואס קֶען מַאכְן אַזַא סֵפֶר מוּז מֶען פָארִין צוּ אִים“ עֶר אִיז אַוֶועק גִיפָארִין אוּנ אִיז גִיקוּמֶען צוּ אִים, עֶר אִיז אַרַיין אִין שְׁטוּבּ גִיט אִים דֶער מְחַבֵּר שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם אוּנ פְרֶעגְט ׃ וֶוער זַייט אִיר? אַז אִיר הָאט גִימַאכְט דֶעם „מִלְחָמָה בְּשָׁלוֹם“ – עֶנְטְפֶערְט דֶער מַגִיד – דַארְפְט אִיר ווִיסִין וֶוער אִיךְ בִּין, רוּפְט זִיךְ אָפּ דֶער מְחַבֵּר צוּ אִים ׃ אַז אִיר זַייט אַזַא מְשׁוּגֶענֶער זַייט אִיר דֶר סְלָאנִימֶער מַגִיד ׃

174) גִיוָואלְט גֶעבְּן טוֹיזְנְט רוּבְּל ׃

אֵיינֶער הָאט דֶער צֵיילְט ׃ אַז עֶר אִיז גִיוֶוען אִין וַוארְשָׁא הָאט אֵיינֶע אַפְּרִיצְטֶע גִיוָואלְט גֶעבִּין טוֹיזְנְד רוּבְּל זִיא זָאל אִים זֶעהְן, הָאט מֶען בַּיי אִים גִיפְרֶעגְט ׃ וָואס אִיז דִי מַעֲשֶׂה? פַר שְׁטֵייט אִיר – הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט – זִיא אִיז גִיוֶוען אַבְּלִינְדֶע ׃

175) דִי רַבָּנִים מִיט דֶעם בַּעַל עֲגָלָה ׃

עֶס הָאבְּן זִיךְ אַמָאל צוּ זַאמֶען גִיקְלִיבִּין אִין אַשְׁטוּבּ צֶעהְן רַבָּנִים, הָאבִּין זֵיי גִיוָואלְט דַאוְונֶען מִנְחָה אוּנ מַאכִין אַקְדוּשָׁה, אוּנ הִיא עֶס גִיט רַבָּנִים וָואס זֵייעֶרֶע גְרוֹיסְקֵייט אִיז נוּר אִין לֶערְנֶען אָבֶּער אוֹיף עִבְרִי זָאגִין דַיינֶען זֵיי לֹא עָלֵינוּ שְׁוֶועֶרְלִיךְ, אִיז נִיט גִיוֶוען קֵיין אֵיינֶער פוּן זֵיי וֶוער עֶס זָאל קֶענֶען מַאכְן אַקְדוּשָׁה, אִיז אַרַיין אִין שְׁטוּבּ אַבַּעַל עֲגָלָה, זָאגִין זֵיי צוּ אִים אָט אִיר וֶועט אוּנְז מַאכִין אַקְדוּשָׁה, פַר שְׁטֵייט אִיר – הָאט דֶער בַּעַל עֲגָלָה זֵיי גִיעֶנְטְפֶערְט – אַז אִיךְ בִּין גִיוֶוען אַקְלֵיינֶער אִינְגִיל פְלֶעגְט מַיין מַאמֶע זָאגִין אוֹיף מִיר אַז אִיךְ וֶועל אוֹיךְ זַיין אַרַב, קֶען אִיךְ אוֹיךְ קֵיין עִבְרִי נִיט ׃

176) דער הולטאי:

איינער אגרויסער הולטיי האט מען אים גיחאפט אין אשטעטעל ביי איין עבירה מיט איין אשת איש, האט מען אים אוועק גישלעפט צום רב און דער רב האט גישריען אויף אים: „רשע איבער דיר שטארבין קליינע קינדער“! ער איז ארויס פון שטוב זיינע קליינע קינדער נאך אים נאך גילאפין אפין גאס און האבין גישריען אשת אישניק, האט ער זיך אפ גיקערט צו זיי און זאגט: קינדער איר דארפט ניט אוועק גיין! איך גיי ווידער צו די נייביל טעט פון אייך קיין שריד ופליט ניט בלייבין.

177) דער בעל עגלה אין מזרח וואנד.

אבעל עגלה אין אקליין שטעטיל אין ניוואריין אגניד, האט ער גיקויפט אשטאט אין בהמ״ד אין מזרח וואנד לעבין ארון קדש, איז אמאל אריין אין בהמ״ד איינער אפר ציימינגער באקאנטער, ער זעט דר בעל עגלה שטייט אויבין אן, איז דאס אים גיוועון זייער אוואונדער, דער בעל עגלה האט דאס באמערקט האט ער אים צו גירופין און זאגט צו אים: וואס וואונדערסטו זיך? דו זעסט ניט אמזרח מיט פערד דארף מען האבין צו זיי אבעל עגלה.

178) דער בעל עגלה נאך ששי.

אין אשטעטיל האט מען אויף גירופין אבעל עגלה נאך ששי, איז דאס אים זייער ניט אן גישטאנען, איז ער ארויף אפין בימה און האט אן גיהויבין צו שרייען „וואס בין איך עפעס אזעדנאקאניק וואס מיא רופט מיר אויף נאך ששי.

179) דער בר מצוה.

אישובניק האט גימאכט אבר מצוה ביי זיך, האט ער פר בעטין מענשין צו זיך אלע זאלין זיך מיט אים פריישין אויף זיין שמחה, דר בר מצוה איינגיל איז אריין אין שטוב ביי זעהן אגרויסער בחור פון אנאר צוואנציג, זאגין זיי צו דעם ישובניק: אט דער איז דאס איצט ניוואגין

בר

בר מִצְוָה ? פר שְׁטֵייט איר – הָאט עֶר זיי גֶעֶנְטְפֶערְט – עֶר איז שוין גיוואָרין בַּר מִצְוָה לַאנְג , נור בִּיז אִיצְט אִיז עֶר נָאךְ נִיט פָארְטִיג גיוועֶן מִיטְ׳ן מִפְטִיר .

180) אַיין קְלוּגֶער עֶנְטְפֶער פוּן אַיין מַאן צוּ אַפִּרוֹי .

אַיינֶער הָאט גֶנוּמֶען אַ וַויבּ הָאט זיא מִיט אִים אוֹיס גֶירֶעט ; אַז זיא זָאל נִיט זַיין דֶר בַּעַל מַפְרְגַם – הָאט עֶר גֶיזָאגְט צוּ אִיהר דָאס דַארְפִין זיי מִיר נִיט בֶּעטִין , אִיךְ פַר שְׁטֵיי אַלֵיין גַאנְץ גוּט אַז דֶער מַאן דַארְף גֶעבִּין דִי וַוייבּ עֶסִין נִיט דִי וַוייבּ דֶעם מַאן , דֶען אַיין מָאל אִיז גֶיוועֶן אַז דִי וַוייבּ הָאט גֶיגֶעבִּין דֶעם מַאן עֶסִין , לַיידִין מִיר נָאךְ עַד הַיּוֹם דֶער פוּן .

181) דֶער פָאטֶער מִיט דֶעם זוּן .

אַפָאטֶער הָאט גִיזָאגְט צוּ אַזוּן : דוּ פִירְסְט אוֹיךְ אַשֵׁיינֶעם שְׁטַאט , אַלֶע מֵידְלִיךְ לוֹיפְסְטוּ נָאךְ ! אָבֶער וָואס פַר אַשוּלְד הָאט אִיךְ – הָאט דֶער זוּן גֶיעֶנְטְפֶערְט – אַז דִי מֵיידְלִיךְ שְׁטֶעלִין זִיךְ נִיט אָפּ .

182) צְווֵיי טוֹיזֶנְט רוּבִּיל אַיְאר אַדִירָה .

אַיינֶער הָאט גִיבֶּעטִין פַר אַדִירָה צְווֵיי טוֹיזֶנְט רוּבֶּל אַיְאר דִירָה גֶעלְט , הָאט אִים אַיינֶער גִיפְרֶעגְט : פַר וָואס קוּמְט אַייךְ אַזוֹ פִיל גֶעלְט פַר אַזַא דִירָה ? פַר וָואס נִיט – הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט – אִיר וֶועט דָאךְ דְרַיי חֲדָרִים מִיט אַקִיךְ ! – אוּנ אַשְׁטַאל הָאט אִיר ? – הָאט אִים יֶענֶער גִיפְרֶעגְט – צוּ וָואס דַארְף מֶען אַשְׁטַאל ? – אַרַיין צוּ שְׁטֶעלִין דֶעם פֶערְד וָואס וֶועט אַייךְ גֶעבִּין אַזוֹי פִיל גֶעלְט פַאר דִי דִירָה – הָאט יֶענֶער גִיעֶנְטְפֶערְט – .

183) אַיין עֶנְטְפֶער פוּן אַיין שַׁדְכָן .

אַיינֶער הָאט גִיבֶּעטִין אַשַׁדְכָן עֶר זָאל אִים גֵיין רֵידִין אַשִׁדּוּךְ מִיט יֶענֶעם אוּנ יֶענֶעם ; אִיךְ הָאבּ מוֹרָא צוּ גֵיין – הָאט דֶער שַׁדְכָן גִיזָאגְט – וַוייל עֶר וואוֹנְט אַפִין צְווייטִין עֶטַאז ; טָא אִיז וָואס אַז עֶר וואוֹנְט אַפִין צְווייטִין עֶטַאז ? הָאט יֶענֶער גִיפְרֶעגְט – פַר שְׁטֵייט איר

איר – האט דר שדכן גיענטפערט – פר אזא אנטוט קען מען אראפ וואַרפן פון אלע טרעפ, נוא ווען ער זאל מיר אראפ וואַרפן פון צווייטין עטאז קען מען ברעכין האלדז אונ גיניג.

184) פר וואס האט אבער שלעכטע קינדער.

איינער האט ניט גיוואלט בצאלין אמלמד שכר לימוד, האט אים איינער גיזאגט: פר וואס האט זאבער שלעכטע קינדער? ווייל ער האט ניט קיין מלמד, נוא פרעגט מען: אהונד האט דאך יא איין מלמד פר וואס האט ער שלעכטע קינדער? איז דער תירוץ ווייל אהונד דרייט מיט דעם מלמד.

185) דער מגיד זאגט ראשי תיבות.

דער שאגת אריה איז אריין אין אבהמ״ד האט ער גיהערט וויא אמגיד האט דארטין גזאגט ראשי תיבות אויף דעם ווארט „גוף" גוף מאכט: גיוואלד וואס פרעסטו, גוף מאכט גוואלד וואס פאפסטו, האט דער שאגת אריה גיזאגט צו אים: איך וועל דיר זאגין וויא גוף מאכט: נוף מאכט: גוואלד וואס פלוידערסטו.

186) אנגלייכער ענטפער פון אישיבה בחור.

אראש ישיבה איז אמאל אין כעס גיווארין אויף אישיבה בחור וואס האט ביי אים גילערינט, האט ער צו אים גיזאגט: דו ביסט איונגאץ אליידאק „שמך נאה לך ואתה נאה לשמך" האט זיך אפ גירופין צו אים דער ישיבה בחור „ושמנו קראת בשמך".

187) אווייב האט גיפרעגט ביי איר מאן: ביז וויא לאנג איז אדם הראשון גוועזן אין גן עדן? האט ער גיענטפערט ביז ער האט אווייב גינומען.

138) שוה כסף.

איינער האט גינומען ערב יום כפור איין אורח אויף אנבייסין, בעת עסין איז אריין אין שטוב איין ארעמאן בעטין אנדבה האט אים דער בעל הבית גיגעבין פינף קאפיקעס, דר ארעמאן האט גימיינט דער אורח איז אויך אגניד האט ער ביי אים אויך גיבעטין אנדבה

האט

האָט אים דער אורח גיזאָגט: קיין געלט האָב איך ניט וואָס צו געבּין, אויב איר ווילט שָׁוֶה כֶּסֶף וועל איך אייך געבּין"; דר אָרעמאַן האָט זיך מְיַשֵׁב גיוועזען שָׁוֶה כֶּסֶף איז אויך גוט, האָט ער גיוואַרט בּיז דער אורח האָט אָפּ גינעסין, דער נאָך זאָגט דער אורח צו אים: איר וועט דאָך היינט זיין אין בהמ"ד אונ וועט זיך לאָזין שלאָגין מַלְקוֹת בּיי דעם שמש וועט איר דאָך אים דאַרפין געבּין פינף קאָפּיקעס, אָט לייגט זיך אַנידער אונ איך וועל אייך אָפּ ציילין די ל"ט מלקות אונ איך וועל בּיי אייך אַקאָפּיקע ניט נעמען.

## 189) גישיקט שַׁלַח מָנוֹת.

איינער אַחֲבֵרָה מאַן האָט גישיקט פּורים דעם רב שַׁלַח מָנוֹת אצוקערנעם חַזֵיר'ל, דר רב האָט דאָס צו גינומען אונ האָט אים אָפּ גישיקט זיין בּילד מיט אַצעטיל אויף גישריבּין "דו האָסט מיר גשיקט דיין בּילד אונ איך שיק דיר מיין בּילד".

## 190) דער אָרעמאַן דער יוֹרֵשׁ.

איין אָרעמאַן אפּוילישער אידל פּלעגט קומען אַלע יאָר צו ראָהטשילדטען אונ ער פּלעגט אים געבּין שטענדיג זיין נְדָבָה, איין מאָל איז גיקומען דר אָרעמאַן אונ ראָטשילד האָט אים גינעבּין זיין נְדָבָה, זאָגט דער אָרעמאַן צו אים: היינט איז מיר ווייניג די נְדָבָה איך דאַרף חֲתוּנָה מאַכין אַטאָכטער דאַרף איך האָבּין מער, ראָטשילד האָט אים גינעבּין נאָך געלט חֲתוּנָה צוא מאַכין די טאָכטער, אין אַקליינע צייט אַרום איז גיקומען צו ראָטשילדען נאָך איין אָרעמאַן פון יענער שטאָט, פרעגט ראָטשילד בּיי אים נאָך אויף יענם אָרומאַן צו האָט ער חֲתוּנָה גימאַכט זיין טאָכטער? זאָגט דער אָרעמאַן, ער האָט טאַקע גיהאַט אַטאָכטער נור עס איז שוין אַיאָר ווי זיא איז גישטאָרבּין, אויף איבּער אַיאָר איז ווידער גיקומען יענער אָרעמאַן זאָגט ראָטשילד צו אים: פאַר וואָס האָסטו מיר אָפּ גינאַרט, דיין טאָכטער איז דאָך גאָר גישטאָרבּין? אֱמֶת — זאָגט דער אָרעמאַן — זיא איז טאַקע גישטאָרבּן, נו אַז זיא איז גישטאָרבּין טאָ דאַרפט איר זיין

זיין איר יורש, האבט זיך איך בין בילכער צו זיין איר יורש.

191) אוואָרט פאר אוואָרט.

איינער איז אריין צו דעם אנדערן בעת ער האט גיגעסן זאגט יענער צו אים: אויב איר פאר שטייט אויף קאטאוועס טא קומט עסין" האט דער אים גיענטפערט: אויב איר פאר שטייט אויף קאטאוועס טא עסט גיזונדער הייט.

192) דעם זון מיט דעם פאטער.

א זון האט זיך גיקריגט מיט צפאטער, האט דער זון גיזאגט צום פאטער: מיט וואס נעמסט דו זיך איבער אנטקעגען מיר, וואס דו האסט גיהאט אשענערין טאטין וויא איך, אבער דער פר האט מיין טאטע שענערע קינדער וויא דיין טאטע.

193) טויטע קינדער זיינען גיקומען צו גיין.

איינער האט גידארפט נעמען אווייב איז מען אים גיקומען רידין שדוכים מיט ווייבליך האט ער ניט גיוואלט, נור נעמן אמיידיל, פרעגט דר שדכן ביי אים: פר וואס ווילט איר נור אמיידיל? פר שטייט איר - האט ער אים גיענטפערט - די פאריגע ווייב וואס איך האב גיהאט האב איך איר גינומען אנוייביל האב איך גיפרעגט ביי איר פר דער חתונה צו האט זיא קינדער? האט זיא מיר גיזאגט: זיא "האט גיהאט קינדער נור זיי זיינען גישטארבין" נאך דער חתונה זיינען גיקומען צו גיין צו מיר אירע גישטארבענע קינדער וואס זיא האט גיזאגט, דר פר וויל איך איצט נעמען נור אמיידיל ווייל אז איך וועל נעמען אמיידיל בין איך זיכער אז אפילו די לעבעדיגע קינדער אירע וועלין אויך ניט קומען צו מיר.

194) פוערים פילאזאפין.

פויערים זיינען גיזעסן אין אקרעצמע אונ האבין גיקלערט: וויא ווייט קען זיין פון דער ערד ביז הימיל? דריי מייל גיווים - האט גיזאגט איין פויער - ניין - האט זיך אפ גירופין נאך איינער - עס קען ניט

ניט זיין ! דען וויא קען דאס זיין דריי מייל אן אקרעצמע .

### 195) דער ישובניקס איידים .

אישובניק האט גינומען איין איידים, האט ער זיך זייער בארימט מיט אים, אז ער איז אגרויסער למדן ; אמאל איז גיקומען ארב צו דעם ישובניק , האט ער דר ציילט פר דעם רב אז זיין איידים איז אגרויסער למדן וואס קיינער קען אנטקעגין אים ניט ביי שטיין , דער רב איז גיוועזן אבעלן צו ריידן מיט אים אום צו זעהן וואס דאס איז פר אסחורה , האט גיזאגט דער ישובניק , דער רב מיט דעם איידים זאלן פרעגן עפעס איינר ביי דעם אנדערן וועט מען זעהן ווער עס וועט ניט וויסן , האט דר איידים אפרעג גיטאן ביי דעם רב : זאגט מיר וויא רופט מען דעם קליוצוואטים הונד ? פר שטייט זיך אז דר רב האט טאקע ניט גיוואוסט וואס צו ענטפערן .

### 196) הנאה גיהאט פון ריח .

איינער איז אריין אין אטראקטיר און האט זיך גיזעצט ביין טיש וואו אלע האבין גיגעסין און גיטרונקען , דער נאך איז צו גיגאנגן צו אים דער ווירט און האט גיבעטין ער זאל אים בצאלין , האט ער גיזאגט : פר וואס זאל איך אייך בצאלין , איך האב דאך ניט גיגעסן און ניט גיטרונקען ? גינוג פר אייך – האט דער ווירט גיענטפערט – וואס איר האט הנאה גיהאט פון דעם ריח פון די מאכלים ; זיי האבין זיך ביידע גינומען קריגין און זיינען אוועק אין סוד . האט דער סודיא גיהייסין אז ער זאל באצאלין , ער האט נעבאך ניט ווילינדיג ארויס גינומען געלט און האט אנידער גיליגט אפין טיש , דר טראקטירניק האט שוין גיוואלט צו נעמען די געלט , זאגט דער סודיא צו אים „נעם ניט די געלט , גינוג פר דיר וואס דו האסט הנאה גיהאט פון קלונג" און האט גיהייסין יענער זאל נעמען צוריק זיין געלט .

### 197) דער בדחן מיט דעם אינדיג ,

אבערימטער בדחן איז גיוועזן אויף אחתונה און דארטין ביין

מיש איז גיזעסין ארבי האט מען אוועק גישטעלט לעבין רבין אגיבראפטענעם אינדיק, האט זיך אפ גירופין דער בדחן צום עולם: איך וועל אייך דר ציילין אמעשה: איך בין אמאל גיגאנגען אין וועג, איך אונ ארבי, אשווארץ יאר אונ א אינדיק, האבין מיר גידארפט אריבער גיין אטייך, אפין טייך איז גיוועזן אשמאלע קלאדקע האט דער רבי מורא גיהאט צו גיין איבער די קלאדקע, דער אינדיק האט אויך מורא גיהאט, איך אונ דר שווארץ יאר האבין קיין מורא ניט גיהאט, נוא וויא טוט מען מיא דארף דאך זיי אויך אריבער טראגין, האבין מיר אפ גימאכט איך זאל נעמען דעם אינדיק אונ דר שווארץ יאר זאל נעמען דעם רבין, נוא האב איך גוט גיטאן? „יא" האט גיענטפערט דער עולם; איז דער בדחן צו גיגאנגען צום רבין אונ האט צו גינומען דעם אינדיק אונ זאגט; איך האב אזוי אפ גימאכט אז איך זאל נעמען דעם אינדיק אונ דר שווארץ יאר זאל נעמן דעם רבין.

198) אלעביל ברויט איז ברונז גיווארין.

איינער האט דער ציילט אז ביי אים איז אלעביל ברויט פרונז גיווארין, ער קומט אהיים ער זוכט דעם לעביל ברויט ער איז ניטא, איז ער אוועק צום בעקער זוכין אים אפשר איז ער דארטין דא, ער איז גיקומען צום בעקער ער גיפינט, ער איז דא! פרעגט ער ביים לעביל ברויט פר וואס ביסטו עפעס ברונז גיווארין אויף מיר? רופט זיך אפ דער לעביל ברויט: דו קרינקסט זיך מיט די ווייב פר וואס זיא קאכט שיטערע גריפין — בראקסטו מיר צריין!

199) גישלאפין שבועות'דיגע נאכט.

איינער האט דער ציילט: „ער האט גישלאפין אכט טעג פר שבועות אונ אכט טעג נאך שבועות אונ שבועות'דיגע נאכט אויך אונ קען זיך אלץ ניט אויס שלאפין" האט איינער ביי אים גיפרעגט, וויא באלד אז איר האט שבועות'דיגע נאכט אויך גישלאפין טא פר וואס קענט איר זיך ניט אויס שלאפין? האט ער גיענטפערט „עפעס אקליניקייט אוועלט שלאפט ניט"!

אחון

## 200) דער חזן.

אחזן האט גידאווינט אין אבהמ"ד, נאכין דאווענען האט ער גיפרעגט ביי איינעם: וויא גיפעלט אייך מיין דאווענען? האט אים יענער גיזאגט: אין איין ארט איז גיוועזן אנטיק אין דער וועלט נור איר האט דארטין זייער מקצר גיוועזן, איר האט גידארפט מערער מאריך זיין וואלט דאס גיוועזן גאר אויס גיצייכינט, דער חזן האט גיפרעגט זייער נייגעריג, אין וואסער ארט איז אים דאס גיוועזן זייער גיפעלין? האט אים יענער גיענטפערט: אין די אנדערע קדושה האט איר זיך פר חוקט אט דאס איז גיוועזן זייער גוט נור איר האט גידארפט מערער מאריך זיין.

## 201) דער משוגענער.

אמשוגענער איז גיקומן אמאל אין בהמ"ד מיט איין אבגישארענע באָרד, פרעגט איינער ביי אים: וואו איז דאס דיין באָרד? האט ער גיזאגט איך האב פר קאמט, נעמט יענער און גיט אטאפ מיטן האנד און זאגט: עס איז דאך אפ גישארין? וואס פר שטייסטו ניט – האט דער משוגענער גיענטפערט – פר קאמט און אפ גישארין.

## 202) ניט גיגעסין.

איינער האט גינומען איין אורח אויף שבת, האט דער אורח גיגעסין גאר אונמענשליך וויא דער גרעסטער זולל וסובא, פרעגט דר בעל הבית ביי דעם אורח: פר וואס עסט איר ניט? אגוט יאר אויף אייך – האט גיזאגט דער אורח – דאכט זיך איך עס! פר שטייט איר – האט גיענטפערט דער בעל הבית – איר פרעסט – ניט איר עסט, און איך פרעג דאך ביי אייך פר וואס עסט איר ניט?

## 203) דעם בעל שם'ס צוואה.

אבעל שם אדייכער מאן איז גישטארבין אהן קינדר, האט ער פארין טויט גישריבין אצוואה אז גאר זיין געלט זאגט ער אפ פר די נארין, האט מען ביי אים גיפרעגט פר וואס טוט ער דאס? האט ער

[illegible]ערט

גיענטפערט – פון די נארין בין איך בייך געווארן דארפין זיי איצט מיר ירשענען.

204) אישובניק האט אפ גיריכט דעם סדר.

אישובניק האט אפ גיריכט פסח דעם סדר, עס איז גיקומען צו „ורחץ" האט ער גיוואשין די הענט אונ האט גימאכט אברכה „ברוך אתה ה' אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו" פרעגט איינער ביי אים וואס איז דאס פר אברכה? האט ער געענטפערט עס שטייט דאך „מיא זאגט ניט קיין על נטילת ידים".

205) גילערינט זאגין קדיש.

אישובניק האט גינומען צו זיך אמלמד צו לערנען מיט זיין זון איין מאל גייט אריין דער ישובניק אין חדר ער זעט דער רבי לערינט מיט זיין זון זאגין קדיש, איז ער גיווארין זייער אין כעס אונ זאגט צום רבין וואס לערינט איר עפעס מיין זון קדיש זאגן, איר ווילט איך זאל שוין שטארבין? אויב דער פון וועגין – האט דער רבי גיענטפערט – קענט איר נאך לעבין הונדערט יאר דען ביז הונדערט יאר ארום וועט ער זיך נאך אויך ניט אוים לערנען.

206) דער גיזונדער קאליקער.

איינער איז גיקומען אין אשטעטיל זיינען דארטין גיווען אלע הינקעדיגע אונ זיינען גינאנגען אויף קולעס נור ער איינער איז גנאנגען אן אקולע, זיינען קינדער נאך אים נאך גילאפין אונ האבין גישריען אקאליקער! אקאליקער! רופט זיך אפ צו זיי איין אלטער מאן: קינדר וואס הט איר צו אים? וואס איז ער נעבאך שולדיג אז גאט האט אים גישטראפט אז ער גייט אן אקולע?

207) מדה כנגד מדה.

איינער האט אמאל גיגעסין טרפות, האט אים איינער גישטראפט פר וואס ער טוט דאס – האט ער גיענטפערט – פר וואס האב איך גיזעהן אז אקריסט האט גיגעסין קוגיל, וויא זיי טוען אונז דארפין מיר אפ טאן זייא;

איינער

208) דער שַדכָן מִיט דֶעם חָתָן.

אשַדכָן איז גֶיקוּמֶען אֵיינֶעם רֵיידִין אַשִׁדוּךְ עֶר הָאט פַאר אִים גִירִיהַמְט דִיא כַלָּה, דֶעם חָתָן אִיז זֵייעֶר גִיפֶעלִין גֶיוָוארִין. אִיךְ הָאבּ אֲפִילוּ אִיר גֶיזָאגְט - הָאט גִיזָאגְט דֶער שַׁדכָן - אַז דוּא בִּיסְט נִיט אַזוֹי קְלוּג הָאט זִיא גִיזָאגְט „מִיר אַרְט דָאס נִיט" פַאר וָואס? הָאט יֶענֶער גִיפְרֶעגְט - פַאר שְׁטֵייט אִיר - הָאט דֶער שַׁדכָן גִיעֶנְטְפֶערְט - זִיא הָאט גִיזָאגְט זִיא וָועט אִים נִיט נֶעמֶען.

209) דֶער לוּחַ אִיז נִיט בַּאגְלֵייבְּט.

אַיין אוֹרֵחַ אִיז גִיקוּמֶען תִּשְׁעָה בְּאָב אִין אַקְרֶעצְמֶע צוּ אַיִשׁוּבְנִיק אוּנ הָאט גִיבֶּעטִין מִיא זָאל אִים גֶעבִּין עֶסִין; וָואס רֶעדְט אִיר - זָאגְט דֶער יְשׁוּבְנִיק - הַיינְט אִיז דָאךְ תִּשְׁעָה בְּאָב! דֶער אוֹרֵחַ לָאכְט זִיךְ פַאנַאנְדֶער אוּנ זָאגְט: וָואס יְשׁוּבְנִיקֶעס קֶענֶען זִיךְ אַיין רֵיידִין! וִויא קוּמְט הַיינְט תִּשְׁעָה בְּאָב! וִויא הֵייסְט דָאס אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַיין גִירֶעט - זָאגְט דֶר יְשׁוּבְנִיק - נָאט אַייךְ דֶעם לוּחַ אוּנ זֶעט", דֶעם לוּחַ אִיז נִיטָא וָואס צוּ גְלוֹיבִּן - רוּפְט זִיךְ אָפּ דֶער אוֹרֵחַ - אָט זֶעט, דֶר לוּחַ שְׁרַייבְּט אַז הַיינְט וָועט זַיין אַרֶענְגִין נוּא אִיז דָאס אֶמֶת?

210) אִיסְפְּרַאוָועט זִיךְ מִיט בְּרִיף.

אֵיינֶע אַוַוייבִּיל הָאט גִיהַאט אַקִינְד אוּנ אִיר מַאן אִיז גִיוֶוען שׁוֹין פוּן אַיָאר דְרֵיי אַוֶועק גִיפָארִין, הָאט בֵּיי אִיר אֵיינֶע גִיפְרֶעגְט דַאכְט זִיךְ אֵייעֶר מַאן אִיז שׁוֹין לַאנְג נִיטָא אִין דֶער הֵיים? אַגוּט יָאר אוֹיף אַייךְ - הָאט דִי וַוייבִּיל גִיעֶנְטְפֶערְט - וָואס אִיז, עֶר שִׁיקְט מִיר קֵיין בְּרִיף נִיט?.

211) גִיוָואלְט גֶעבִּין פֶּעטְשׁ:

אֵיינֶער הָאט אַמָאל דֶער צֵיילְט: „עֶר אִיז אַרַיין צוּ אַפְּרִיץ, הָאט אִים דֶר פְּרִיץ גִיוָואלְט גֶעבִּין דְרַיי פֶּעטְשׁ" פְרֶעגִין זֵיי בַּיי אִים פוּן וָואנֶען ווייסטו וִויפִיל? זָאגְט עֶר: „אַז עֶר הָאט גִיגֶעבִּין" מָא וָואס

זאגסטו אז ער האט געוואלט געבן? נוא פר שטייט זיך — האט ער געענטפערט אז ער וואלט ניט וועלין וואלט ער דאך ניט געבן.

212) איין ענטפער פון אשטודענט צום עקזאמען.

ארעליגיאנס לעהרער האט עקזאמענירט דיא קינדער, האט ער גיפרעגט ביי איינעם פאר וואס האט מען ארויס גיטריבן אדם'ן פון גן עדן? ווארשיינליך — האט דער אינגיל געענטפערט — וייל ער האט ניט באצאלט קיין דירה געלט.

213) דריי יאר אויף איין ארט.

אמיידיל האט גיוואלט אנקומען אויף איין ארט פר אדינערין, האבין זיי ביי איר גיפרעגט וואו איז זיא גיוועזן ביז איצט? האט זיא גיזאגט זיא איז גיוועזן דרייא יאר אויף איין ארט, נוא האבין זיי גיקלערט — אז זיא איז גיוועזן דריי יאר אויף איין ארט איז זיא גיוויס איין ארענטליכע, האבין זיי איר צו גינומען, איז זיא ביי זיי גיוועזן עטליכע טעג אונ האט זיי באגנבת, האבין זיי דער נאך ביי איר גיפרעגט: וואו ביסטו דאס גיוועזן דריי יאר אויף איין ארט? האט זיא געענטפערט „איך בין גיזעסין דריי יאר אין טורמע.

214) דער פיאניצע.

איינער האט גיזאגט צו זיין ווייב: איך לייג זיך שלאפין בעט איך דיר אז איך וועל וועלין אשנאפס זאלסטו מיר אויף וועקין, ער האט זיך גילייגט שלאפין אונ די ווייב האט אים גילאזין שלאפין די גאנצע נאכט, דער נאך אז ער איז אויף גישטאנען האט ער אן גיהויבין צו שרייען אויף די ווייב פר וואס האט זיא אים ניט אויף גיוועקט, זאגט זיא צו אים: וויא קען איך וויסין ווען דו ווילסט אשנאפס? זאגט ער: דו וואלסט גטראפן ווען דו וואלסט מיר אויף וועקן.

315) די דינסט מיט די ווירטין האבין אסוד;

צו איינע אבארישנע איז אן גיקומען אדינסט מיידיל האט איר די בארישנע גינעבין אמתנה צעהן רובל, אויף מארגין האט די דינסט מיידיל

מײדיל אַפּ גיטראַטין פון איר, האָט די באַרישנע אָן גינעבין אין
סוד זיא זאָל איר אָפּ געבין צו ריק די צעהן רובּיל, זײ זײנען גיקומען
בײדע אין סוד האָט גיזאָגט דר סודיא צו די דינסט פר וואס גיסטו
איר ניט אָפּ די צעהן רובּיל, וויא באַלד אַז דו ביסט פון איר אַוועק,
גלײך מוסטו איר אָפּ געבין צו ריק די צעהן רובּיל, האָט גיזאָגט דיא
דינסט לאָז זיא מיר אָפּ געבין וואס איך האָב איר גינעבין וועל איך
איר אַוועק געבין די צעהן רובּיל, האָט דער סודיא גיפרעגט בײ איר
„וואס האָסטו איר גינעבין" ? האָט די דינסט גיזאָגט: בעת זיא האָט
מיר גינעבין די צעהן רובּיל האָב איך איר גינעבין צװײ קושין אין
האַנד, נוא לאָז זיא מיר אָפּ געבין די צװײ קושין וועל איך איר אָפּ
געבין די צעהן רובּיל.

## 816) גישיקט קושין דורך פּאַצט.

אַפּרײלין איז אָן גיקומען דורך פּאַצט אַפּאָסילקע מיט אַבריף,
זיא האָט אַלײן ניט גיקענט לעזין, האָט זיא גיבעטין דעם פּאַצטעליאָן
ער זאָל איר איבער לײענען דעם בריף, ער האָט אויף גיעפינט דעם
בריף אונ האָט אים גילעזין, דער בריף איז גיוועזן פון איהר אַגיליבטין,
ער שרײבּט אַז ער שיקט איר אַפּאָסילקע אונ שיקט איר צעהן קושן,
זאָגט דער פּאַצטעליאָן צו איר: די פּאָסילקע מיט דעם בריף האָב איך
דיר אָפּ גינעבין אונ איצט דאַרף איך דיר אָפּ געבין די קושין אויך"
ער האָט איר אָפּ גינעבין די צעהן קושין אונ זיא איז אַוועק גאַנץ
פרײליך אונ זאָגט: אך וואס פר אַוועלט הײנט איז גיוואָרן, אַז אַפילו
קושין קען מען אויך שיקין דורך פּאַצט.

## 817) דער טאַלער.

אײנער האָט גינעבין דעם אַנדערין אַטאַלער, אויף דעם טאַלער
איז גיוועזן דעם קעניגס גיזיכט אונ דער נאָז איז גיוועזן רויט, זאָגט
יענער דאָס איז אַפאַלשער טאַלער ניט קײן זילבּער, רופט זיך אָפּ דער
אַנדערער: נײן! דר טאַלער איז אײן אָפּת'ר אַזילבּערנער נור פר וואס

אין

איז רויט דער נאז, ווייל ביין קעניג אליין איז אויך רויט דער נאז, דערום איז אפין מאלער אויך רויט.

218) די כשרה קינד.

איינער איז גיגאנגען אין גאס, זעט ער וויא אאידענע טראגט אקינד אונ זאגט: „וואס פר אכשרה קינד דאס איז" האט ער ניט פר שטאנען וואס הייסט דאס אכשרה קינד? דער נאך גייט ער ווייטער זעט ער וויא אאידענע טראגט אקאשיק מצה אונ זאגט: „וואס פר אכשרה מצה דאס איז" דא איז ער שוין גיוועזן אבעלן צו פרעגין ביי איר: וואס הייסט דאס כשרה מצה: פר שטייט איר — האט זיא אים גיענטפערט — עס זיינען גיוועזן זייער אפולע העלפער; איצט פר שטיי איך שוין — האט ער גיזאגט — וואס יענע האט גיזאגט „אכשרה קינד"

219) דער דאקטאר מיט דעם קראנקין.

אדאקטער איז גיקומען צו אין חולה האט ער גיבעטין דער חולה זאל אים ווייזן זיין האנד, ער האט אקוק גיטאן די האנד איז גיוועזן זייער רויט, זאגט ער: „שלעכט! איך פר שטיי נאך די רויטקייט פון זיין האנד אז ער מוס שטארבין" דעם חולה'ס ווייב האט זייער אן גיהויבין צו וויינען אונ זאגט: ליבער דאקטער! מיין מאן איז אפארבער אונ פון די פארב איז רויט זיין האנד" ווען אזוי — זאגט דר דאקטר — מאכט ניט אויס, דאס איז זיין נס וואס ער איז אפארבער, ווען ניט — וואלט ער מוזין שטארבין פון אזא רויטקייט.

220) די צוואה.

אסוחר איז אוועק גיפארין מיט זיינעם אמענשין אין אווייטע לאנד, דער סוחר איז דארטין קראנק גיווארין אונ ער האט גיהאט ביי זיך זייער פיל געלט אונ אין דער היים האט ער גילאזין אזון אבן יחיד, נוא וואס זאל ער טאן? דר מענש וועט דאך צו נעמען גאר די געלט אונ זיין זון וועט ער אקאפיקע ניט געבן, האט ער אויף גישריבן

אצוואח

אצוואה אונ האט איבער גיגעבין די צוואה דעם מענטשין „אז ער גיט אים איבער גאר די געלט אונ וויפיל ער וועט וועלין זאל ער געבין זיין זון" דער סוחר איז זיך אוועק גישטארבין אונ דער מענטש האט צו גינומען גאר די געלט אונ איז אוועק גיפארין צוריק צו זיך אהיים אונ האט באוויזין דעם סוחרם זון זיין פאטערס צוואה, דעם זון איז גיוואורן זייער ניט פריילך איז ער אוועק צו איינעם אגרויסין חכם פרעגין ביי אים איין עצה וואס זאל ער טאן? דער חכם האט גישיקט רופן דעם מענטשין אונ האט איבער גילייענט די צוואה, פרעגט ער ביי דעם מענטשין וויפיל ווילסטו? „איך וויל אין גאנצין — האט דער מענטש גיענטפערט —; נוא ווען אזוי — האט דר חכם גיזאגט — טא גיב אוועק גאר די געלט דעם זון, דען אזוי שטייט גישריבין אין צוואה „אז וויפיל דו ווילסט זאלסטו געבין דעם זון" הייסט אז דו ווילסט אין גאנצין צו נעמען, מוסטו אין גאנצין אוועק געבין דעם זון.

## 221) דער בעל רחמנות.

איינער איז גיגאנגען ווינטער ביי נאכט אין וועג אונ דר פראסט האט זייער גיברענט ער איז שיר ניט דר פרארין גיווארן, איז ער גיקומן צו אקרעטשמע אונ קלאפט אן אין טיר אונ בעט מען זאל אים עפענען, דער בעל הבית ליגט אונטערין פערענע אונ זאגט „ארחמנות ער ווערט געבאך דער פרארין אין אזא פראסט" דער איד קלאפט שטארקער אונ שרייט עפינט מיר איך ווער דער פרארין! דער בעל הבית ליגט אונ רירט זיך ניט פון ארט אונ זאגט אלץ „ארחמנות ער ווערט נעביך דער פרארין" רופט זיך אפ זיין ווייב צו אים וואס איז דאס מיט דיר? שרייסט ארחמנות ארחמנות אונ עפינסט אים ניט, אז דו האסט אויף אים רחמנות טא גיי אונ עפין אים די טיר; פר שטייסטו מיין ווייב — האט ער צו איר גיזאגט — מען דארף דאך אויף א אידין רחמנות האבן, אונ אז איך וועל אים עפענען וועט דאך שוין אויף אים קיין רחמנות ניט זיין.

דער

## 222) דער אָרעמאַן מיט דעם בַּעל אַכסַניָה.

איין אָרעמאַן איז איין גישטאַנען אין איין אַכסַניָא אונ האָט גיגעסין אונ גיטרונקען, עס איז אַוועק איינִיגע וואָכין זאָגט דער בַּעל הַבַּיִת צו אים: וואָס וועט זיין ווען וועט איר מיר בּאַצאָלין? אַט וואַרט — האָט גיענטפערט דער אָרעמאַן — איך וועל נעמען די טאָרבּע וועל זיין איבּער די הייזער צו נויף סאַכין אונ וועל אייך בּאַצאָלין" דער בַּעל הַבַּיִת איז גיוואָרין זייער אין כַּעַס אונ זאָגט: איך וועל אייך לאָזין אַרויס זיין אונ איר וועט אַנטלויפין? נוא — זאָגט דער אָרעמאַן — אויב איר גלייבּט מיר ניט טאַ קומט מיט מיר בּיידע איבּער די הייזער, דער בַּעל הַבַּיִת האָט אָן גיהויבּין זייער צו שרייען אויף אים אונ זאָגט: וועל איך דען זיין מיט אייך איבּער די הייזער? נוא ווען איר ווילט ניט זיין מיט מיר — זאָגט דער אָרעמאַן — טאַ נאַט אייך די טאָרבּע אונ זייט אַליין איבּער די הייזער.

## 223) די שְׂכַר לימוד.

אַרֶבִּי האָט גיהייסין אַאינגיל זיינעם אַתַּלמיד ער זאָל זיין בּעטין געלט פֿון פאָטער שְׂכַר לימוד, דער אינגיל איז גיקומען צו ריק פרעגט דר רֶבִּי בּיי אים: נוא וואָס האָט דער טאַטע גיזאָגט? דער טאַטע האָט גיזאָגט — האָט גיענטפערט דער אינגיל — אז ער וואָלט וועלין בּאַצאָלין וואָלט ער האָבּין אַפּוּלע רַבִּים.

## 224) די רעבּעצין מיט די אָרעמע אידענע.

אין אַשטעטיל איז גיגאַנגען איין אָרעמע אידענע אין די הייזער האָט זיא צו נויף גיקליבּין אַכט גילדין האָט זיא דאָס אַוועק גיגעבּין די רעבּעצין בּאַהאַלטין, נאָך אַמאָל האָט זיא צו נויף גיקליבּין נאָך פינף גילדין האָט זיא אויך אַוועק גיגעבּין די רעבּעצין, איין מאָל פרעגט זיא בּיי די רעבּעצין: וויפיל געלט האָבּ איך שוין בּיי אייך? זיבּן גילדין — ענטפערט די רעבּעצין — זאָגט זיא צו איר: זאָגט מיר רעבּעצין: אז וואָס איך גיבּ אייך מער ווערט אַלץ ווייניגער, טאַ וויפל זאָל איך

אייך

איך דער לייגן אז איך זאל שוין ביי איך נאר ניט האבן ?

225) אגוטער פשטיל פון אבטלן.

צוויי בטלנים זיינען גיזעסן אונ האבן זיך גיתקירה'ט, פרעגט איינער ביי דעם אנדערן: „וואס איז די מעשה אז מיא שטעלט אריין אסאלדאט צו אאידן אויף עקוואקוציע, אז דער סאלדאט וויל עסן זאגט ער: „יעווריי דאווייי קושאט“ איז דא פאראן דריי קשיות 1) צו וואס דארף ער נאך זאגין דעם ווארט „יעווריי“ ער רעדט דאך צו אים קען ער דאך זאגין נור „דאוואי קושאט“ ? 2) וואס בייזערט זיך נאך דער סאלדאט, ער קען דאך זאגין מיט גוטין „יעווריי דאוויי קושאט ? 3) וויא לייגט דאס דעם סאלדאט צו קומן פון פעטערבורג צו אאידן ביי אים אפ עסין איין אן בייסין“ ? זאגט דער אנדערער צו אים ? איך וועל דיר פר ענטפערין מיט אגמרא אלע דרייע דריי קשיות: די גמרא זאגט אויף דעם פסוק „ועניים מרודים תביא בית“ זכה עניים לא זכה מרודים תביא בית“ (דאס הייסט איז ער זוכה גיט ער ארעמע צדקה, אונ אז ער איז ניט זוכה אונ גיט ניט אריטע מוס ער נעבין סאלדאטין עסין) אט דאס מיינט דער סאלדאט „יעווריי דאוויי קושאט“ דו גיב אאידין עסין, אז דו וועסט געבין אאידין עסין וועל איך ניט דארפין קומען מיט אבנן פון פעטערבורג צו דיר עסין, אונ דאס בייזערט זיך טאקע דער סאלדאט וואס איבער אים וואס ער גיט ניט אאידין עסין מוז ער קומען צוא איהם אומישנע פון פעטערבורג ביי אים עסין.

226) דער ישובניק מיט די ספר תורה.

אישובניק אפראסטער מענטש האט זיך אמאל שמחת תורה זייער משמח גיוועזן מיט דיא ספר תורה, ער האט מיט איר גיטאנצט אונ גישפרונגען, פרעגט ביי אים איינער: זאג מיר דו האסט עפעס גילערינט אגאנץ יאר, וואס דו פרייסט זיך אזוי מיט דער תורה ? פר שטייט איר — האט דער ישובניק גיענטפערט — די תורה האט מיר גיראטעוועט אין צוויי הונדערט רובל, איך האב ביי איינעם אגטליען

צוויי

צוויי הונדערט רובּיל אונ האבּ דער נאך אָפּ גישוואָרין בּיי דער ספר תּורה אַז איך האָבּ בּיי אים נאָר קיין געלט ניט גינומען, אונ מיט דעם האָבּ איך ניט גידאַרפט בּאַצאָלין.

227) דער פּראָצענטניק.

אַ פּראָצענטניק איז גישטאָרבּין האָבּין חברה גיבּעטין זייער פיל קבורה געלט פון אים, זיינען די קינדער אַוועק צום פּריץ מספּר זיין וואָס זיי בּעטין אַזוי פיל קבורה געלט, האָט דער פּריץ גישיקט רופין דעם רב אונ פרעגט בּיי אים פאַר וואָס בּעט מען אַזוי פיל קבורה געלט? האָט דער רב גיזאָגט; בּיי אַ פּראָצענטניק דאַרף מען נעמען מער קבורה געלט וויא בּיי איין אַנדערין, ווייל אַז אַזוי אַ מענש שטאַרבּט ניט מען אים אַקבר נור אויף אַ צייט, דען צו תחית המתים וועט ער דאך אויף שטיין, אָבּער אַ פּראָצענטניק, זאָגט די גמרא: אַז ער וועט ניט אויף שטיין צו תּחית המתים, גיט מען אים דאך אַוועק דעם קבר אויף עוויג, דערום דאַרף מען נעמען פאַר זיין קבר אַפּולע געלט, דעם פּריץ איז דאָס זייער גיפעלין גיוואָרין, האָט ער גיהייסין די קינדער זאָלין בּאַצאָלין וויפיל מען בּעט.

228) אַ שאלה בּיין רב.

איינער איז אַריין צו אַ רב אונ פרעגט בּיי אים אַ שאלה: רבי איך בּין אַ כּהן מעג איך נעמען אַ גרושה? דער רב איז גיוועזן אַ גרויסער חכם, זאָגט ער צו אים דו מאָנסט, מענשין זיינען גיזעסין לעבּן רב האָבּין זיי זיך גיוואונדערט וויא אַזוי איז ער מתיר אַ כּהן זאָל נעמען אַ גרושה? זאָגט דער רב צו זיי: וואָס פאַר שטייט איר ניט נאך זיין תּלוק וויא ער גייט מיטן בּייטש אַז ער איז אַ בּעל עגלה, אונ ער פרעגט צו מעג ער נעמען די גרושה אַפין וואָגין צו פאָרין מיט איר, זיי זיינען אַרויס אונ האָבּין גיפרעגט דעם בּעל עגלה, ערשט עס איז ריכטיג וויא דער רב האָט גיזאָגט.

229) אַ ישובניק אַ חזן.

אַ ישובניק האָט זיך גיוואָלט דאַווענען כּל נדרי אין קלויז, האָט

ער

ער גיבעטין איינעם אבעל תפלה ער זאל אים אויס לערנען די נגונים, פרעגט ער ביי דעם בעל תפלה: וויא טוט מען? איך האב מורא איך וועל זיך דער שרעקין ביין עמוד פארן עולם" איך וועל אייך געבן א עצה — האט אים דער בעל תפלה גיזאגט — איר זאלט זיך מסדר זיין אפין פעלד צווישין די קעפלאך קרויט און אז איר וועט קומען צום עמוד זאלט איר זיך פאר שטעלין וויא איר שטייט צווישין די קעפלאך קרויט וועט איר זיך ניט שרעקין", דער ישובניק האט אזוי גיטאן, דער נאך אז ער איז צו גיגאנגען צום עמוד האט ער זיך פארט דר שראקין פארין עולם, האט ער צו גירופין דעם בעל תפלה און זאגט צו אים „גיעט בראט העטא ניע קאפוסטא" .

## 230) דער דאקטאר מיט די שפאנגע .

א דאקטער איז גיגאנגען מיט א שפאנגע, איז ער אריין צו איינעם אגרויסין חכם, פרעגט דער חכם ביי אים: צו וואס דארפט איר דעם שווערד? טאמער וועט אייך באגעגענען איינער און וועט אייך וועלין הארגענען, קענט איהר דאך מיט נעמען אייער פעדער, זייט איר דאך זיכערער, מיט אייער פעדער הרגעט איר דאך טויזענדער מענשין .

## 231) גיפרעגט אשאלה .

איינער האט גימויערט אמויער, האבין די בעלי מלאכות גיטאן אום שבת, האבין אים מענשין גיזאגט: וויא טוט איר דאס די בעלי מלאכות זאלין ביי אייך טאן אום שבת? איך האב גיפרעגט אשאלה ביי די מורי הוראות — האט ער זיי גיענטפערט — נוא וואס האבין זיי גיזאגט? — האבין די מענשין גיפרעגט — און אז זיי האבן ניט גיהייסן — האט ער זיי גיענטפערט — הער איך זיי אפנים .

## 232) בורא מיני מזונות .

מיא האט אמאל אויף גירופין, אין בית המדרש אישובניק'ס אזון צו דער תורה, האט ער גימאכט אברכה איבער דער תורה

בורא

„בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת" אִיז גִיוָוארִין אַגְרוֹיסֶער גִילֶעכְטֶער, רוּפְט זִיךְ אָפּ דֶער פָּאמֶער נַייגֶער „אָט עֶר אִיז גִיוַויינְט גִיוָוארִין אִין דֶר הֵיים רַק צוּ דִי כּוּלְכֶעס מַיינְט עֶר אַז אִיבֶּער דֶער תּוֹרָה מַאכְט מֶען אוֹיךְ „מְזוֹנוֹת".

## 233) דֶער נַאר אוּן דֶער רָב.

אֵיין נַאר אִיז אַמָאל אַרַיין צוּם רָב, אוּן זָאגְט צוּ אִים: וָואס טוּט מֶען רֶבִּי, וָואס אִיךְ בִּין אַנַאר? זָאגְט דֶער רָב צוּ אִים: „אַז דוּ פַר שְׁטֵייסְט אַלֵיין אַז דוּ בִּיסְט אַנַאר, בִּיסְטוּ נִיט קֵיין נַאר" טָא וָואס זָאגִין פָּארְט אַלֶע אַז אִיךְ בִּין אַנַאר? וָוען אַזוֹי רוּפְט זִיךְ אָפּ דֶר רָב, אַז אַלֵיין פַר שְׁטֵייסְטוּ נִיט, מֶער נִיט דוּ הֶערְסְט וָואס לֵייט זָאגִין, בִּיסְטוּ טַאקֶע אַנַאר! —

## 234) אַמָעוּת גִיהַאט.

אֵיינֶער אִיז אַרַיין אִין דֶער פִינְצְטֶער אִין קִיךְ צוּ זַיין וַוייבּ אוּן הַאט אִיר אַקוּשׁ גִיטָאן, וָואס בִּיסְטוּ אִיצְט עֶפֶּעס אַזוֹי גוּט גִיוָוארִין? — הַאט דִי וַוייבּ צוּ אִים גִיזָאגְט — „טְפוּ! — הַאט עֶר גִיזָאגְט — אִיךְ הָאבּ גִימֵיינְט אַז דָאס אִיז דִי מוֹיד.

## 235) דֶער חַזָן מִיט דֶעם פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ.

אַחַזָן אִיז גִיקוּמֶען אִין אַשְׁטֶעטִיל אוּן הַאט דָארְטִין גִיוָואלְט דַאוֹוְנֶען שַׁבָּת, אִיז עֶר אַוֶועק צוּם פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ נֶעמֶען בַּיי אִים עֶרְלוֹיבְּנִיס, דֶער פַּרְנֵס חֹדֶשׁ וִויל אִים אָבֶּער נִיט לָאזִין דַאוְונֶען, פְרֶעגְט דֶער חַזָן בַּיי אִים: פַר וָואס ווִילְט אִיר נִיט אִיךְ זָאל דָא דַאווְנֶען? אִיר הָאט גִיהֶערְט אַז אִיךְ בִּין אַשְׁלֶעכְטֶער חַזָן? נַיין נַאר נִיט דָאס — עֶנְטְפֶערְט דֶר פַּרְנֵס חֹדֶשׁ, אֶפְשַׁר הָאט אִיר גִיהֶערְט עֶפֶּעס אוֹיף מִיר שְׁלֶעכְטֶעס? חַס וְשָׁלוֹם! — זָאגְט דֶער פַּרְנֵס חֹדֶשׁ — טָא וָואס אִיז פָּארְט דִי אוּרְזַאךְ וָואס אִיר ווִילְט נִיט אִיךְ זָאל דָא דַאווְנֶען? — פַר שְׁטֵייט אִיר, רוּפְט זִיךְ אָפּ דֶער פַּרְנֵס חֹדֶשׁ — אִיךְ הָאבּ אֵיין אֵיידִים לֶעבִּינְט עֶר אִין מִינְסְק, הָאט עֶר מִיר גִישְׁרִיבִּין אַבְּרִיף, אַז עֶר וָואלְט מֶער נִיט גִיקוּמֶען אִין מִינְסְק ווִיא צוּ הֶערִין סַנְדֶר דֶעם חַזָן וָואלְט אִים

אוֹיךְ

אויך גינוג גוועין" נוא זאגט אליין, נאך אזא גריף קען מען הערין אין אנדער הון ?.

## 236) דער חכם אונ דער רשע.

אחכם איז גיפארין מיט מענשין אויף אשיף אונ מיט זיי איז מיט גיפארין איינער זייער אנידערטרעכטיגער מענש אגרויסער רשע, האט זיך די שיף אן גיהייבין צו טרינקען האבין אלע אנגיהויבן בעטין ביי גאט אונ דער רשע האט אויך אן גיהויבין שרייען צו גאט, רופט זיך אפ דער חכם צו אים: שריי ניט! גאט וועט דער הערין אז דו ביסט דא מיט אונז זיינען מיר אלע פר לארין.

## 237) דער קעניג מיט דעם פויער.

אמארגענלענדישער קעניג איז גיפארין שפאצירין אונטערין שטאט, איז ער ארויס פון קארעט אונ איז זיך גינאנגען צו פוס, זעט ער עס גייט אפויער, פרעגט ער ביין פויער וואו הין גייסטו ? אין שטאט — ענטפערט דער פויער — איך וויל זעהן דארטין דעם קעניג, רופט זיך אפ דער קעניג צו אים זעץ זיך אין קארעט מיט מיר, וועלין מיר פארין אין שטאט, וועסטו זעהן דעם קיניג, דער פויער האט זיך אריין גיזעצט אין קארעט אונ פרעגט דעם קעניג: וויא וועל איך וויסין ווער עס איז דער קעניג ? זאגט ער צו אים: דו וועסט זעהן פר וועמען אלע וועלין אראפ נעמען די היטלען אונ מען וועט נעמען שרייען אורא! יענער איז דער קעניג; זיי זיינען גיקומען אין שטאט האבין אלע אראפ גיחאפט די היטלען אונ מען האט גינומען שרייען אורא! פרעגט דער קעניג ביי אים: נוא איצט ווייסטו ווער עס איז דער קעניג? גיין — ענטפערט דער פויער — ווייל איך וויים ניט פר וועמען מען האט אראפ גינומען די היטלען פר דיר צו פר מיר.

## 238) דער קחלם מאן.

אקחלם מאן האט גישיקט צו זיינעם ארבין צוויי סאלדאטין נעמען ביי אים אמשכן, האבין זיי ביי אים צו גינומען די גמרא מיט

אקיסן

אקיסין, דר נאך האט ער אן גטראפין דעם קהלס מאן אונ פרעגט ביי
אים: וויא האלטין די סאלדאטין? האלטן זיי וויא דר מאן דאמר: לא
איברא לילה אלא לגירסא (די נאכט איז נור בשאפין צום לערנען) מא
וואס האבין זיי צו גינומען די גמרא? אונ אויב זיי האלטין וויא דער
מאן דאמר: לא איברא לילה אלא לשינתא (די נאכט איז נור בשאפין
צום שלאפין) מא וואס האבין זיי צו גינומען די קיסין? פר שטייט
איר – האט אים דער קהלס מאן, זיין תלמיד, גיענטפערט – דער פר
האט איך אייך גישיקט צוויי סאלדאטין איינער האלט וויא איין מאן
דאמר אונ דער אנדערער האלט וויא דער אנדערר מאן דאמר, האט
איינער צו גינומען די גמרא אונ דער אנדערער די קיסין.

239) דער ארעמאן מיט חברה קדישא.

איין ארעמאן האט ניט גיהאט אויף פסח איז ער גיקומען צו
חברה קדישא אונ האט גיזאגט: זיין ווייב איז גישטארבין אונ ער
האט ניט אויף אויס ריכטונג פר איר, זיי האבין אים גיגעבין געלט
אויף אויס ריכטונג, דער נאך האבין זיי גישיקט דעם קאסטין נעמען
דעם מת אוועק פירין אפין בית עולם, זיי קומען צו גיין אין שטוב זיי
גיפינען דר מת שטייט ביין אייוון אונ קאכט אן ביסין, זאגין זיי
צו אים: וואס האסטו אונז אפ גינארט? זייט רוהיג – האט ער זיי
גיענטפערט – זיא וועט זיין אייערע, איז ניט איצט איז איבער איאר
צו איין אנדער צייט אבער אייערע וועט זיא זיין, זיא וועט פון
אייך ניט אנטלויפין.

240) גיפאסט אונ גיגעסין.

אין דייטשלאנד אין א שטעטיל האבין דייטשין איין אתענית
גידונגען איינעם ער זאל פר זיי פאסטין, איז איינער אריין צו אים אונ
האט אים גיפונען ער עסט, זאגט ער צוא אים מען האט דאך דיך
גידונגען דו זאלסט פאסטין, איך פאסט נור פאר עטליכע מענטשין –
– האט ער גיענטפערט: פאר גאנץ שטאט קען איך איינער אליין
ניט פאסטין.

## 241) די דאמע מיט די קלייד.

א דאמע איז גיגאנגען אין נאם אנגיטאן אין אטייערע נייע קלייד, איז איינער גיגאנגען הינטער איר אונ האט איר ארופ גיטראטין אפין קלייד אונ האט אפ גירימן אשטיק קלייד, זיא האט אנגיגעבין אין געריכט אויף אים אונ דער ריכטער האט צו גימשפט ער זאל איר בעצאלין 50 רובל פאר די גאנצע קלייד, ער האט זיך ניט גילאזט בעטין אונ האט ארויס גינומען 50 רובל אונ האט איר גלייך בעצאלט, די דאמע איז גיוועזן זייער צוא פרידין דער פון, דער נאך זאגט ער צוא איר איך האב דאך דיר בעצאלט פאר די גאנצע קלייד איז דאך די קלייד איצט מיינע טא גיב מיר אוועק מיין קלייד, האט זיא גיזאגט קום מיט מיר אהיים וועל איך דיר דארטין אוועק געבין, ניין! האט ער גיענטפערט איך וויל דיר ניט לאזין גיין אין מיין קלייד אפילו איין טריט ניט, זיא האט זיך אנגיהייבין צו בעטין ביי אים ער האט אבער גאר ניט גיהערט, אנדערש ניט זיא זאל שוין אויס טאהן זיין קלייד, זיא האט אים גימוזט אוועק געבין צוא ריק די 50 רובל ער זאל זיך נור אפ צעפען פון איר.

## 242) דער דאקטאר מיט דעם צעטיל.

איינער איז גישטארבין, נוא וויא גיוואהנליך אז איין מת דארף מען האלטין 3 טעג אונ צוא דער קבורה מוז מען האבין אצעטיל פון דאקטאר, אז ער איז גישטארבען מיט 3 טעג צוריק, האט מען גינומען פון דאקטאר אצעטיל אז דער מענש איז גישטארבן מיט 3 טעג פריער, למשל עס איז גיוועזן דינשטיג אונ אין צעטיל איז גיוועזן גישריבען אז ער איז גישטארבין זונטיג, דער נאך האבין 2 מענשין גימסרת אויפין דאקטאר אז ער האט גיגעבין אפאלשין צעטיל דען זיי האבען דעם מענשין גיזעהן מאנטיג ארום גייענדיג טא וויא קען זיין אז ער איז גשטארבן זונטיג? מי האט דעם דאקטאר גיפאדערט אין געריכט אונ מיא האט אים גיוואלט פאר משפטין אין געריכט איז גיווען דאן אגרויסער אדוואקאט האט ער זיך

אפ

אָפּ גירופֿן צום ריכטער „פֿאר וואס דאַרף מען האַלטן איין מת 3 טעג ווייל טאָמער איז ער נאָך ניט גישטאָרבּן אין גאַנצין און ער וועט נאָך אָפּ לעבּן, קען דאָך זיין אז דער איז טאַקע זונטיג גישטאָרבּן און מאָנטיג האָט ער אָפּ גילעבּט און דינשטיג איז ער ווידער גישטאָרבּן און דער דאָקטאָר האָט גיגעבּן איין אֶמתן צעטיל" און מיט די טענה האָט ער דעם דאָקטאָר בּעפֿרייט.

### 243) דער פּאקוסניק.

אַפּקוסניק האָט בּאוויזין פֿאקוס אין טעאַטער. ער האָט גיבּעטין בּיי איינעם פֿון פּובּליק, ער זאָל אים געבּין אויף אַוויילע אַ רובּל; ער האָט גינומען דעם רובּל און האָט אַמאָך גיטאָהן מיטן האַנד אַהער און אַהין און דער רובּל איז ניט גיוואָרן, האָט ער צו גירופֿין פֿון פּובּליק איינעם אַפּויער און זאָגט: „בּיי דעם פּויער איז דאָ דר רובּיל". דער פּויער האָט אַרויס גינומען פֿון קעסענע אַ הויפֿין קליין געלט און זאָגט צום פּאקוסניק: „איזוועניטע בּאָרין!" 30 קאָפּיקעס האָבּ איך פֿאר טרונקען אין שיינק און דאָס איז די רעסט פֿון דעם רובּל, וואס דו האָסט מיר גיגעבּין.

### 244) איצט איז טייער אינגלאַך.

איינער האָט גינומען אַ חתן פֿאר זיין טאָכטער און האָט אים צוא גיזאָגט נדן, עס איז גיקומען צוא דער חתונה האָט דער מחותן ניט גיוואָלט אַוועק געבּין די נדן וואס ער האָט צוא גיזאָגט האָט דער חתן ניט גיוואָלט דעם שדוך, האָט איינער צוא אים גיזאָגט בּיסט דען טייערער פֿר יעקב אבינו וואס ער האָט גידינט 7 יאָר פֿר אַ ווייבּ און דוא ווילסט מיא זאָל נאָך דיר צו צאָלין? פֿאר שטייט איר—האָט דער חתן גיענטפֿערט—דאָס איז גיווען איידער פּרעה האָט גיוואָרפֿין די אינגלעך אין טייך איז דאַמאָלסט גיווען מיידלעך טייער און אינגלעך וואָלוויל און איצט אַז פּרעה האָט אַריין גיוואָרפֿן אַפּולע אינגלעך אין טייך, איז געוואָרין אינגלעך טייער און מיידלעך וואָלוויל.

איינער

### 245) דער בארימטער חזן.

איינער אבעריםטער חזן האט גיהאלטין שבת אין אקליין שטעטיל, זיינען זיי צו גישטאנען צו אים ער זאל ביי זיי דאוונען, ער האט זיך מישב גיווען ער איז דא סאיוויא שבת וואס וועט ער צו ליגן, האט ער דארטין גידאווינט, גיוואהנליך האט ער זייער אוים גינומען ביי זיי, עס איז גיקומען מוצאי שבת האבין זיי גימאכט איין אסיפה אונ האבין אנגיהייבין צו קלערין מיט וואס זאל מען בעצאלין דעם חזן פר זיין דאוונען? מיא זאל אים בעצאלין מיט געלט נאך זיין ווערדע האבין זיי דאס קיין איינים ניט, איז ביי זיי גיבליבען מיא זאל אים אריין שיקען אכתב חזנות ער זאל דא זיין ביי זיי חזן. זיי האבין אזוי גיטאהן, זאגט ער צוא זיי פון וואנען וועל איך דא לעבין ביי אייך! פון די שכירות אליין האב איך דא ניט פון וואנען צוא לעבין, זאגין זיי צוא אים מיר וועלין אייך נאך צוא געבין הכנסה איר וועט האבין אהאלבע רובל פון יעדער מת וואס וועט שטארבין, האט דער חזן צו זיי גיזאגט אז איר וועט מיר צוא זאגין אז 10 מתים אוואך סוז זיין וועל איך האבין 5 רובל אוואך זיכערע קען איך זיך דאן ביי אייך אפ שטעלן.

### 146) דער פויער מיטין זאק.

איינער איז גיפארין מיט אפויער אין וועג, אפין וועג האבין זייא זיך גישטעלט אפ רוהן, ער האט זיך צוא גילייגט אפ רוהען אויפין וואגן אונ דר פויער האט זיך גילייגט אויף דר ערד, פרעגט ער ביין פויער: וואס האסטו גילייגט צו קאפין? אזאק - ענטפערט דר פויער - וואס האסטו אונטער גיבעט אונטערן זייט? אזאק! מיט וואס דעקסט דוא זיך צוא? מיט אזאק! אך! - זאגט דער איד - וואו האסטו דאס גינומען אזוי פיל זעק? אט גיב אקוק - ענטפערט דר פויער - ער גיט אקוק דר פויער איז אריין גקראבן אין זאק אונ האט זיך גלייגט, איז צו קאפין אזאק, אונטערין זייט אזאק, אונ צוא גידעקט מיט אזאק.

### 147) דֶער יִשׁוּבְנִיק מִיט דֶעם רָב ׃

אַרָב הָאט אַמָאל גִיפְרֶעגְט בַּיי אַיִשׁוּבְנִיק: וָואס אִיז דִי מַעֲשֶׂה וָואס פוּן אַייךְ קוּמְט מֶען קַיין מָאל נִיט פְרֶעגִין קַיין שְׁאֵלָה? פאר שְׁטֵייט אִיר רֶבִּי – הָאט דֶער יִשׁוּבְנִיק גִיעֶנְטְפֶערְט – בַּיי מִיר אִיז דָא 2 הִינְט אַשְׁוַוארְצֶער מִיט אַוַועלִין פְּלֶקֶענְען זַייא מִיר שְׁאֵלוֹת, אַז עֶס מַאכְט זִיךְ אַשְׁאֵלָה גִיבּ אִיךְ זֵיי דָאס עֶסִין, עֶסִין זֵיי נַויים אִיךְ אַז עֶס אִיז טְרֵיפָה אוּנ אַז זֵיי עֶסִין נִיט וַויים אִיךְ אַז עֶס אִיז כָּשֵׁר, הֶערְט אִיר רֶבִּי – זָאגְט עֶר וַוייטֶער – דֶער שְׁוַוארְצֶער אִיז אַזַא מַחְמִיר אַז עֶס אִיז אַגְרַוִיל.

### 248) אַרַיין גַארִין אִין זַאק.

אֵיינֶער אִיז גִיקוּמֶען צוּא אַגְבִיר בֶּעטִין אִים עֶר זָאל אִים צוּא נֶעמֶען אוֹיף אַשְׁטֶעלֶע אוּנ זָאגְט אִים: וָואס דַארְפְט אִיר הַאלְטִין אַפְּרֶעמְדִין מֶענְשִׁין אִיךְ בִּין דָאךְ אַייעֶרֶער אַקְרוֹב בִּין אִיךְ בִּילְכֶער. זָאגְט דֶר גְבִיר: דֶר מֶענְשׁ וָואס בַּיי מִיר אִיז, אִיז אַגַאנְץ אָרְנְטְלִיכֶער מֶענְטְשׁ אוּנ אַגַאנְץ קְלוּגֶער טָא וִויא זָאגְט מֶען אִים אָפּ? אַגַאנְץ קְלוּגֶער? אִיךְ זָאג אַייךְ אַז אִיךְ וֶועל אִים אַרַיין גַארִין אִין זַאק. גוּא – זָאגְט דֶער גְבִיר – אוֹיבּ דוּא וֶועסְט אִים אַרַיין נַארִין אִין זַאק וֶועל אִיךְ אִים אָפּ זָאגִין אוּנ נֶעמֶען דִיר. „אַט אִיר וֶועט זֶעהְן אַז פַאר אַלֶעמֶען אִין דִיא אוֹיגִין וֶועל אִיךְ אִים אַרַיין נַארִין אִין זַאק" רוּפְט זִיךְ אָפּ דֶער גְבִיר צוּא אִים: עֶס אִיז דָאךְ אָבֶּער אַרַחֲמָנוּת אִים מְבַיֵּשׁ צוּא זַיין פַאר אַלֶעמֶען, דוּא זָאג מִיר נוּר דֶעם פְּלַאן וִויא אַזוֹי דוּא וֶועסְט אִים אַרַיין נַארִין וֶועל אִיךְ וִויסִין אַז עֶס אִיז רִיכְטִיג. אַט אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין – עֶנְטְפֶערְט יֶענֶער – אִיךְ וֶועל מַאכִין אַמָאל צַייט אוּנ וֶועל צוּא נוֹיף בֶּעטִין אַפוּלֶע מֶענְשִׁין אוּנ אִים אוֹיךְ אוּנ אַז זֵיי וֶועלִין אָפּ עֶסִין וֶועל אִיךְ צוּא שְׁלִיסִין דִיא טִיר אוּנ וֶועל עֶפְּעֶנֶען אַפֶּענְצְטֶער אוּנ וֶועל הֵייסִין אַלֶעמֶען קְרִיכִין דוּרְכִין פֶענְצְטֶער אוּנ דֶער נָאךְ אַז עֶר וֶועט דַארְפִין קְרִיכִין דוּרְכִין פֶענְצְטֶער וֶועל אִיךְ אָנְהֵייגֶען אַזַאק אָן פֶענְצְטֶער וֶועט עֶר אַרַיין קְרִיכִין אִין זַאק" נָאגְט דֶער גְבִיר טָאמֶער וֶועט עֶר אָבֶּער נִיט קְרִיכִין אִין נַאק? „נֵיין! עֶר

יועט

וָועט יַא קְרִיכְן" פוּן וַואנֶען קֶענְסְטוּ דָאס ווִיסְן? – פְרֶעגְט דֶער גְבִיר אַז בְּדִידֵי הֲוָה עוּבְדָא – הָאט עֶר גִיעֶנְפֶערְט – מִיט מִיר אַלֵיין אִיז גִיוֶועֶן דִיא מַעֲשֶׂה אוּנ אִיךְ בִּין טַאקֶע אַרֵיין גִיקְרָאכִין אִין זַאק.

## 249) 20 רוּבִּיל אוֹיף אַחֵלֶק.

אֵיינֶער אִיז גִיקוּמֶען צוּא רָאהְטְשִׁילְדִין עֶר זָאל אִים גֶעבִּין גֶעלְט, מִיט אַטַעֲנָה פַאר וָואס הָאט רָאהְטְשִׁילְד אַזוֹי פִיל גֶעלְד אוּנ עֶר הָאט גָאר נִיט. הָאט אִים רָאהְטְשִׁילְד גִיהֵייסִין אוֹיף ווַארְטִין אַוֵויילֶע אוּנ הָאט אִים אַרוֹיס גִיטְרָאגִין 20 רוּבִּל אוּנ זָאגְט אִים אִיךְ הָאבּ אוֹיס גִירֶעכִינְט ווִיפִיל אִידִין עֶס אִיז דָא אוֹיף דֶער וֶועלְט, אִיז אַז אִיךְ זָאל צוּ טֵיילִין פַאר אַלֶעמֶען מֵיינֶע גֶעלְט וֶועט אָנְקוּמֶען 20 רוּבְּל אוֹיף אַחֵלֶק, קֶענְסְטוּ דָאךְ מֶער נִיט בֶּעטִין ווִיא דֵיין חֵלֶק גִיבּ אִיךְ דָאבּ דִיר אַוֶועק.

## 250) דֶער מְלַמֵד מִיט דִיא בְּהֵמָה.

אֵיינֶער אַמְלַמֵד הָאט אִים זַיין ווַייבּ גִיבֶּעטִין עֶר זָאל קוֹיפִין אַבְּהֵמָה אַפִּין מַארְק, זִיא אִיז דַאן גִילֶעגִין אִין קִינְפֶּעט הָאט זִיא אִים גִיבֶּעטִין עֶר זָאל פַאר בַּיי פִירִין דִי בְּהֵמָה פַאר בַּיי פֶענְצְטֶער וֶועט זִיא זֶעהְן דִי בְּהֵמָה. עֶר אִיז גִיגַאנְגֶען אַפִין מַארְק אוּנ הָאט גִיקוֹיפְט אַבְּהֵמָה בַּיי אֵיין פוֹיעֶר אוּנ הָאט גִיטָאהְן ווִיא דִיא ווַייבּ הָאט אִים גִיבֶּעטִין, פְרֶעגְט דִי ווַייבּ בַּיי אִים: ווִיפִיל הָאסְטוּ בֶּעצָאלְט פַאר דִי בְּהֵמָה? 15 רוּבִּל – הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט – זָאגְט דִי ווַייבּ צוּ אִים: פַר וָואס קוֹמְט דָאס פַר אַזַא בְּהֵמָה 15 רוּבִּיל? ווִיא הֵייסְט דָאס פַר וָואס – זָאגְט עֶר – זִיא גִיט דָאךְ 6 טֶעפּ מִילְךְ אַטָאג". פוּן וַואנֶען ווֵייסְטוּ אַז זִיא גִיט 6 טֶעפּ מִילְךְ אַטָאג – פְרֶעגְט בַּיי אִים דִיא ווַייבּ – פוּן וַואנֶען ווֵיים אִיךְ – זָאגְט עֶר – דֶער פוֹיעֶר אַלֵיין הָאט גִיזָאגְט אַז זִיא גִיט 3 טֶעפּ מִלְךְ אַטָאג, אוּנ אַפוֹיעֶר אִיז אֵייבִּיג אַלִיגְנֶער, אַז דֶער פוֹיעֶר זָאגְט אַז זִיא גִיט 3 טֶעפּ מִסְתָּמָא גִיט זִיא גִיוִויס 6 טֶעפּ.

## 251) דער יצר הרע מיט דעם דלות.

דער יצר הרע האט זיך בעגעגנט מיט דעם דלות, פרעגט
דער יצר הרע דעם דלות: וואס מאכסטו ברודער, וויא גייט דאס
דיר? גילויבט איז גאט — ענטפערט דער דלות — מיר איז איצט
גאנץ גוט, בעסער וויא פריער, אמאל פלעג איך זיין אין דיא
קליינע שטיבלעך אונ איצט בין איך אין גרויסע זאלין גימעבעלירטע
אונ אלע גבירים האבין גיעפינט פאר מיר זייערע שלעסער, אונ
וויא גייט דאס דיר? פרעגט דער דלות דעם יצר הרע — אמאל איז
מיר בעסער גיוועזן — ענטפערט דער יצר הרע — אמאל האב איך
גיהאט אשטעלע אן ריידין אמענשין צוא טאהן איין עבירה, אונ
היינט גיי איך ארום לידיג, איך האב ניט וואס צוא טאהן דען
אז איך קום צוא איינעם אים אנריידין ער זאל טאהן איין עבירה,
גיפין איך ער האט שוין לאנג אפ גיטאהן.

## 252) דער ארעמאן מיט זיין געלט.

איינער איז אריין אין אטראקטיר אונ האט גיפרעגט: קען
איך ניט קריגין פאר מיין געלט וואס צוא עסין? זיי קענען קריגין
פון אלס וואס זיי ווילין — האבען זיי גיענטפערט — ער האט גיהייסין
דער לאנגען, מיא האט אים גינעבין פון אלע בעסטע שפייז אונ
גיטראנק, ער האט אפ גיגעסין האט ער ארויס גינומען אזעקסער
אונ האט זיי גיגעבין אונ זאגט נאט אייך פר מיין עסין, זיי האבין
זיך אנגיהייבין מיט אים צוא קריגין, זאגט ער צוא זיי: איך האב
דאך ביי אייך פריער גיפרעגט צוא פאר מיין געלט קען איך ביי
אייך קריגין וואס צוא עסין אונ איר האט מיר גיזאגט אז איך קען
קריגין אלעם וואס איך וויל, איצט קענט איר ביי מיר זוכין אויב
איר וועט גיפינען ביי מיר מערער געלט נעמט אייך צוא „זיי האבין
גיזעהן אז זיי וועלין מיט אים גאר גישט מאכין דען וואס קען מען
טאהן מיט איין ארעמאן, זאגין זיי צוא אים: מיילע וואס דו האסט
אונז אפ גיטאהן איז פאר פאלין, נור דאס וועלין מיר דיר בעטין:

דָא אַנְטְקֶעגִין אוּנְז אִיז דָא אַטְרַאקְטִירְנִיק אִיז עֶר אוּנְזֶערֶער אַשׁוּנָא אַגְרוֹיסֶער זָאלְכְטוּ נַיין דָארְטִין אוֹיךְ אַזוֹי אָפּ טָאהְן וִויא דוּא הָאסְט אוּנְז אָפּ גִיטָאהְן. אָט דָאס גֵיי אִיךְ פוּן דָארְטִין – הָאט דֶער אָרֶעמַאן גִיעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ דָאס דָארְטִין שׁוֹין אָפּ גִיטָאהְן הָאבִּין זֵיי דָאס מִיר גִישִׁיקְט אַהֶער צוּא אַייךְ.

## 253) אוּים גִילֶערִינְט אַהָאן רֵיידִין.

אִין דִי לַאנְד כּוּשׁ הָאט אַאִיד גִיוואוֹינְט בַּיי אַכּוֹמֶר אִין דִירָה אוּנ עֶס אִיז אַוֶועק פִּיל צַייט אוּנ דֶער אִיד הָאט דֶעם כּוֹמֶר נִיט בַּאצַאלְט קֵיין דִירָה גֶעלְט, הָאט אִים דֶער כּוֹמֶר גִיוואלְט אַרוֹיס טְרַייבְּעֶן פוּן דִירָה, הָאט דֶער אִיד צוּ אִים גִיזָאגְט: אַז דוּא וָואלְסְט ווִיסִין וָואס פַּר אַוואוּנְדֶער אִיךְ קֶען מַאכִין וָואלְסְטוּ מִיר נִיט אַרוֹיס גִיטְרִיבְּעֶן פוּן דִירָה, פְרֶעגְט דֶר כּוֹמֶר בַּיי אִים וָואס פַּר אַוואוּנְדֶער קֶענְסְטוּ מַאכִין? הָאט דֶער אִיד גִיזָאגְט: אִיךְ קֶען אוֹים לֶערְנֶען אַהָאן רֵיידִין, דֶער כּוֹמֶר הָאט זִיךְ זֵייעֶר פַּר וואוּנְדֶערְט אוּנ הָאט גִיזָאגְט צוּא דֶעם אִידִין: אוֹיבּ דוּ וֶועסְט דָאס בַּאוַוייזִין וֶועל אִיךְ בַּיי דִיר נִיט בֶּעטִין קֵיין דִירָה גֶעלְט אוּנ וֶועל דִיר נָאךְ לָאזִין וואוֹנֶען וַויִיטֶער אִין דִירָה, אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבִּין מַיין הָאן וָואס בַּיי מִיר אִין שְׁטוּבּ אוּנ לֶערִין אִים אוּים רֵיידִין. דֶער אִיד הָאט גִינוּמֶען בַּיי דֶעם כּוֹמֶר דֶעם הָאן אוּנ הָאט אִים גִיהַאלְטִין בַּיי זִיךְ אִין שְׁטוּבּ עֶטְלִיכֶע וָואכִין, אַמָאל גֵייט דֶער כּוֹמֶר אַפִּין גַאס אוּנ בַּאגֶעגִינְט דֶעם אִידִן, פְרֶעגְט עֶר בַּיי אִים: נוּא וָואס הֶערְט זִיךְ מִיט דֶעם תָאן? זָאגְט דֶער אִיד עֶר רֶעדְט שׁוֹין וִויא אַלֶע מֶענְשִׁין, נוּר דוּא וָואלְסְט הֶערִין וָואס עֶר רֶעדְט, עֶס אִיז אַשְׁרֶעק, עֶר זָאגְט אוֹיס אוֹיף דִיר אַזֶעלְכֶע חֲטָאִים אַז עֶס גְרוֹילְט צוּא הֶערִין, וִויא דֶער כּוֹמֶר הָאט דָאס דֶער הֶערְט, זָאגְט עֶר צוּא דֶעם אִידִין, גֵיי גִיכֶער אוּנ קֵיילֶע דֶעם הָאן אוֹיף שַׁבָּת אִיךְ וִויל דֶעם הָאן נִיט קֶענֶען אוּנ וִויל נִיט הֶערִין וָואס עֶר רֶעדְט.

דער

254) דֶער סוֹחֵר מִיט דֶעם בַּעַל עֲגָלָה.

אַסוֹחֵר הָאט גִידוּנְגֶען אַבַּעַל עֲגָלָה עֶר זָאל אִים אַוֶועק פִירִין סְחוֹרָה אִין אַנוּייטֶע שְׁטָאדְט, זֵיי זַיינֶען גִיקוּמֶען אַהִין אִין שְׁטָאדְט הָאט דֶער בַּעל עֲגָלָה צוּא גִינוּמֶען דִיא סְחוֹרָה אוּנ הָאט גִיזָאגְט אַז עֶר אִיז דָאס דֶער סוֹחֵר אוּנ אַפִּין סוֹחֵר הָאט עֶר גִיזָאגְט אַז עֶר אִיז דֶער בַּעַל עֲגָלָה, דֶער סוֹחֵר הָאט גִישְׁרִיעֶן אוּנ גִישְׁרִיעֶן אוּנ עֶס הֶעלְפְט נָאר נִיט דֶען קֵיינֶער קֶען זֵיי דָא נִיט, זֵיינֶען זֵיי בֵּיידֶע אַוֶועק צוּם שׁוֹפֵט פוּן שְׁטָאדְט אוּנ הָאבִּין בֵּיידֶע גִיטַעַנְהֶט פַאר אִים, דֶער זָאגְט אִיךְ בִּין דֶער סוֹחֵר אוּנ דוּא בִּיסְט דֶער בַּעַל עֲגָלָה אוּנ דֶער זָאגְט נֵיין! דוּא בִּיזְט דֶער בַּעַל עֲגָלָה אוּנ אִיךְ בִּין דֶער סוֹחֵר. הָאט דֶער שׁוֹפֵט צוּא זֵיי גִיזָאגְט גֵייט הַיינְט אַוֶועק אוּנ מָארְגִין וֶועט אִיר קוּמֶען, זֵיי זַיינֶען אַרוֹיס פוּן שְׁטוּב נָאךְ נִיט ווַייט אַוֶועק אִיז דֶער שׁוֹפֵט אַרוֹיס פוּן שְׁטוּב אוּנ הָאט אַגִישְׁרֵיי גִיטָאהְן בַּעַל עֲגָלָה! בַּעַל עֲגָלָה! הָאט זִיךְ דֶער בַּעַל עֲגָלָה אָפּ גִיקֶערְט, הָאט דֶער שׁוֹפֵט פַאר שְׁטַאנֶען אַז עֶר אִיז דָאס דֶער בַּעַל עֲגָלָה, הָאט עֶר גִיהֵייסִין אַוֶועק גֶעבִּין דִיא סְחוֹרָה דֶעם סוֹחֵר אוּנ דֶעם בַּעַל עֲגָלָה הָאט עֶר בֶּעשְׁטְרָאפְט פַאר זַיין אָבְּמַאן.

255) גִיטְרוּנְקֶען וַואסֶער אוּנ גִילָאפִין.

אֵיינֶער אִיז גִיזֶעסִין אִין אַגָארְטִין מִיט זַיינֶעם אַבֶּעקַאנְטִין אַשְׁטָאדְטִיקִין וָואס דָארְטִין אִיז גִיוֶוען זַייעֶר קְטְרָאגֶע מִיט פֶעסֶער אוּנ עֶר הָאט נִיט גִיהַאט קֵיין פַאס, ווִיא עֶר זִיצְט אַזוֹי זֶעהְט עֶר עֶס גֵייט אַנְטְקֶעגִין אֵיינֶר וָואס זוּכְט פֶעסֶער, זָאגְט עֶר צוּא זַיין בֶּעקַאנְטִין וָואס טוּט מֶען אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין פַאס? זֵייא אוֹיף אֵיין אָרְט עֶס וֶועט זַיין רֶעכְט — הָאט אִים יֶענֶער גִיעֶנְטְפֶערְט — ווִיא דֶער זוּכֶער אִיז צוּא גִינָאנְגֶען הָאט דֶער שְׁטָאדִינֶער גִינוּמֶען זַייעֶר שְׁטַארְק לוֹיפִין, דֶער זוּכֶער הָאט דֶער זֶעהְן אַז עֶר אַנְטְלוֹיפְט הָאט עֶר דֶעם שׁוֹין נָאר נִיט גִיצָעפֶּעט אוּנ הָאט גִינוּמֶען לוֹיפִין טוּז נָאךְ יֶענֶעם בִּיז עֶר הָאט אִים אָנְגִיכַאפְּט אוּנ זָאגְט אִים עֶר זָאל אִים

ווייזין

ווייזן אפאס. איך בין אהיזיגער — האט אים יענער גיענטפערט — אונ אט איז מיינע דאקומענטין. טא וואס זע ביסטו גילאפין? איך טרינק אזעלכע וואסער וואס איך מוז נאך דעם לויפין — האט ער גיענטפערט — טא פאר וואס האסטו זיך ניט אפ גישטעלט אז איך בין גילאפין נאך דיר? איך האב גימיינט אז דוא האסט אויך גיטרונקען דיא וואסער דערום ביסטו אויך גילאפין.

## 256) גירעט א מיידיל שידוכים.

איינע אמיידיל האבין איר פיל שדכנים פאר גילייגט שדוכים אונ זיא האט אלעם ניט גיוואלט הערין, איז דיא מוטער איהרע גיווארין זייער ברייז אויף איר אונ זאגט: וואס ביסטו פאר אמענש. אויס גינומען פון אלעמען וואס דוא ווילסט קיין שדוך ניט צוא הערין, איך בין אויך גיוועזין אמאל אמיידיל אונ אז מיא איז מיר גיקומען ריידין אשידוך האב איך צוא גיהערט אונ האב גיטאהן אונ מיר לעבין גאט צוא דאנקען ניט ערגער פון לייטין" וואס גלייכסטו מיר צוא דיר — האט דיא טאכטער גיענטפערט — דיר האט מען גירעדט מיטין טאטין אונ מיר קומען זיי ריידין מיט אפרעמדין.

## 257) גידריקט אחבור.

איינער פלעגט שלאגין זיין ווייב דאס זיא אים פר מסרט ביין רב, האט דער רב ביי אים גיפרעגט: פאר וואס דריקסטו דיין חבור? האט ער אים גיענטפערט: רבי אז איר וואלט גיזעהן מיין חבור וואלט איר אויך גינעבין אהסכמה איך זאל אים דריקען.

## 258) א אינגעל אבעל חשבון.

אלעהרער האט גיפרעגט בייא איין שילער: וויפיל איז 2 מאל 2? האט דער שילער גיזאגט "8", אך זאגט דער לעהרער צו אים וואס רעדסטו? נוא — זאגט דר שילער — לאז זיין "7", בערעבין זיך — זאגט דר לעהרר צו אים — נוא זאגט דר שילער לאז זיין 6 לאז זיין 5 אונ אויב איר ווילט זייער איז "4", האט דער לעהרער גיפרעגט

בייא

בּיי אִים : פַאר וָואס הָאבּטוּ גְלַייךְ נִיט גִיזָאגְט 4 ? יָע -עֶנְטְפֶערְט דֶער שִׁילֶער — וָוען אִיךְ וָואלְט אַייךְ גִיזָאגְט גְלַייךְ 4 וָואלְט אִיר זִיךְ דָאךְ מִיט מִיר אָנְהֵייבִּין צוּא דִינְגֶען וָואלְט גִיבְּלִיבִּין אוֹיף גָאר נִיט , אָבֶּער אִיצְט אַז אִיךְ הָאבּ אַייךְ גִיזָאגְט 8 אוּנ אִיר הָאט זִיךְ גִידוּנְגֶען אִיז גִיבְּלִיבִּין אוֹיף 4 .

## 259) גִינוּמֶען דִיא וַוייבּ .

אֵיינֶער הָאט זִיךְ מְיַשֵׁב גִיוָוען צוּ דֶער עֶלְטֶער עֶר וִויל נֶעמִין זַיין אַלְטֶע וַוייבּ אוּנ נֶעמֶען דִי דִינְסְט מֵיידְל וָואס אִיז גִיוָוען בּיי אִים אִין שְׁטוּבּ . עֶר הָאט אָפּ גִינֶט זַיין וַוייבּ אוּנ הָאט אָפּ גִירֶעדְט מִיט דִיא דִינְסְט זַיי זָאלִין בֵּיידֶע חֲתוּנָה הָאבִּין , דִיא קִינְדֶער זַיינֶע הָאט דָאס זַייעֶר פַאר דְרָאסִין וָואס עֶר הָאט גִינֶט זַייעֶר מַאמֶען , הָאבִּין זַיי גִיזָאגְט צוּא דִיא מֵיידִיל צוּא וָואס דַארְפְסְטוּ אַיין אַלְטִין מַאן ! מִיר וָועלִין דִיר גֶעבִּין 500 רוּבּל אוּנ דוּא וֶועסְט זִיךְ קֶענֶען טָאהְן אַשִׁדוּךְ מִיט דַיין גְלַייכִין , דִיא קְלֵיידֶער וָואס עֶר הָאט דִיר גִימַאכְט וֶועט בְּלַייבִּין בּיי דִיר אוּנ דוּ זָאלְסְט אוּנְז הֶעלְפִין שְׁפִּילְן דִי רָאלֶע וָואס מִיר וָועלִין דָא אָפּ טָאהְן . דִי מֵיידִיל אִיז מְרוּצָה גִיוָוארִין . דֶער אַלְטֶער הָאט זִיךְ צוּא גֶעבְּרֵייט אוֹיף חֲתוּנָה עֶס אִיז גִיקוּמֶען צוּא דֶער חוּפָּה הָאבִּין דִיא קִינְדֶער אָנְגִיטָאהְן דִיא מַאמֶען אִין נַייעֶ קְלֵיידֶער אוּנ הָאבִּין אִיר אָנְגִיטָאהְן אַדֶעק טוּךְ אוּנ מִיא הָאט אִיר אַרוּנְטֶער גִיפִירְט אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה , דֶער אַלְטֶער הָאט אִיר מְקַדֵשׁ גִיוֶוען וִויא גִיהֶערִיג , נָאךְ דֶער חוּפָּה הָאט עֶר זִיךְ גִיזֶעצְט מִיט דִי כַּלָה בַּיין טִישׁ אוּנ מִיהָאט דֶער לַאנְגְט אַקִיטָקֶע צוּם טִישׁ מִיט דִי גִילְדֶערְנֶע יוֹיךְ אוּנ זַיי הָאבִּין גִיגֶעסִין , דֶער חָתָן זֶעהְט אַז דִי כַּלָה עֶסְט אַלְץ דִי וַוייבֶע , פְרֶעגְט עֶר בּייא אִיר פַאר וָואס עֶסְטוּ נוּר דִיא וַוייבֶע ? דוּא קֶענְשְׁט מִיר נִיט — הָאט דִי כַּלָה אִים גִיעֶנְטְפֶערְט — דוּא וַוייסְט נִיט אַז אִיךְ הָאבּ קֵיין צֵיינֶער נִיט .

אדימעגען

### 260) אַדִימֶענְט וִויא אַיין אֵיי גְרוֹיס.

אַגְבִיר אַיין קַארְגֶער הָאט גִימַאכְט אַחֲתוּנָה, קַיין אָרֶעמַאן הָאט עֶר אִין שְׁטוּב נִיט אַרַיין גִילָאזְן, אִיז גִיקוּמֶען צוּא אִים אַיין אָרֶעמַאן אַהוּנְגֶערִינְגֶער עֶר הָאט גֶעבֶּעטְן גִיוָואלְט זַייעֶר עֶסְן אִיז עֶר צוּא גִינַאנְגֶען צוּם מְחוּתָּן אוּנ זָאגְט: אִיךְ הָאבּ בַּיי אַייךְ צוּא פְרֶעגְן זַייעֶר אַוִויכְטִיגֶע זַאךְ, דֶער מְחוּתָּן אִיז גִיוֶועזְן פַאר נוּמֶען מִיט דִיא חֲתוּנָה, אַלֶע מְחוּתָּנִים זִיצִין בַּיין טִישׁ, הָאט עֶר אִים נִיט גִיוָואלְט עֶנְטְפֶערִין. זָאגְט דֶער אָרֶעמַאן עֶס אִיז אָבֶּער זַייעֶר אַוִויכְטִיגֶע זַאךְ אִיר מוּסְט מִיר צוּא הֶערִין, זָאגְט דֶער מְחוּתָּן צוּא אִים. נוּא זָאגְט וָואס ווִילְט אִיר? נַיין זָאגְט דֶער אָרֶעמַאן אִיךְ קֶען אַייךְ דָא נִיט זָאגִין אִיר מוּסְט מִיט מִיר אַרַיין אִין אַבֶּעזוּנְדֶערִין חֶדֶר „דֶער גְבִיר דֶער מְחוּתָּן אִיז מִיט אִים אַרַיין אִין אַבֶּעזוּנְדֶערִין חֶדֶר פְרֶעגְט דֶער אָרֶעמַאן בַּיי אִים: זָאגְט מִיר וָואס אִיז וֶוערְט אַדִימֶענְט וִויא אַיין אֵיי דִיא גְרוֹיס? דֶער מְחוּתָּן הָאט גִיזֶעהְן אַז דָאס אִיז ווִירְקְלִיךְ זַייעֶר אַוִויכְטִיגֶע זַאךְ אוּנ עֶר הָאט אִיצְט זַייעֶר קַיין צַייט נִיט זָאגְט עֶר צוּ דֶעם אָרִימַאן: גַייט דֶר ווַיילֶע וַואשְׁט זִיךְ עֶסְן נָאכִין עֶסְן וֶועלְן מִיר רַיידִין, דֶער אָרֶעמַאן הָאט זִיךְ נִיט גִילָאזְט בֶּעטִין אוּנ הָאט זִיךְ גִיוַואשִׁין אוּנ גִיזֶעצְט זִיךְ בַּיין טִישׁ אוּנ הָאט גִיגֶעסְן זַייעֶר גִישְׁמַאק; נָאכִין עֶסְן רוּפְט אִים אַרַיין דֶער מְחוּתָּן אִין אַחֶדֶר אוּנ פְרֶעגְט אִים: נוּא ר' אִיד וואו אִיז אַייעֶר דִימֶענְט? אִיךְ הָאבּ נִיט — עֶנְטְפֶערְט דֶער אָרֶעמַאן — וִויא קוּמְט צוּא מִיר אַזָא דִימֶענְט! טָא וָואס זָע הָאט אִיר גִיפְרֶעגְט? הָאט דֶער גְבִיר גִיזָאגְט מִיט כַּעַס — פַאר שְׁטַייט אִיר — הָאט דֶער אָרֶעמַאן גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ הָאבּ גִיקְלֶערְט טָאמֶער וֶועל אִיךְ אַמָאל הָאבִּין אַזָא דִימֶענְט הָאבּ אִיךְ גִיוָואלְט ווִיסְן וָואס וֶועט עֶר וֶוערְט זַיין.

### 261) אַרִין תּוֹרָה מִיט דֶעם רבש"ע.

אַיינֶער אַפּאַרִימְטֶער מַגִּיד אִיז גִיקוּמֶען אִין אַגֶעגֶענְד וָואס זַיי הָאבִּין גִיהַאט זַייעֶר ווייניג יִרְאַת שָׁמַיִם הָאט עֶר גִיוָואלְט דָארְטִין זָאגִין

אִין

אין אבהמ״ד האבין זיי ניט גיוואלט אים לאזין זאגין, האט ער צוא זיי גיזאגט: איך מיין ניט צו זאגין נור איך וויל בייא איך האבין אדין תורה מיט דעם רבש״ע; דאס זיינען זיי שוין גיוועזן בעלנים צו הערין וואס איז דאס פר אדין תורה מיט דעם רבש״ע? האט ער גיזאגט צו זיי איך וועל אייך דר ציילין: איך האב גיהאט אוייב אונ טויזינד רובל האט גאט בייא מיר צוא גינומען דיא טויזינד רובל אונ דער נאך האט ער ביי מיר צו גינומען די ווייב, וויל איך ביי אים פרעגען פאר וואס האט ער ביי מיר צו גינומען פריער דיא טויזינד רובל אונ דער נאך דיא ווייב, ער האט גידארפט פריער צוא נעמען די ווייב אונ דיא טויזינד רובל לאזין ביי מיר וואלט איך מיט די טויזינד רובל גינומען איין אנדער ווייב מיט טויזינד רובל אונ ער וואלט זיך דער נאך צוא גינומען ביי מיר טויזינד רובל וואלט איך האבין אוייב מיט טויזינד רובל אונ ער וואלט האבין דיא ווייב מיט טויזינד רובל, אבער איצט בין איך גיבליבען ביי גאר נישט. אי וועט איר פרעגין ביי מיר: פאר וואס בין איך גיקומען צוא אייך האבין אדין תורה מיט גאט אונ איך האב ניט גיהאט דיא דין תורה ביי אונז? וועל איך אייך זאגין: ביי אונז האבין זיי מורא פר דעם רבש״ע וועלין זיי גיוויס זאגין אז ער איז גירעכט אבער איר האט קיין מורא ניט פאר אים וועט איר זאגין דיא ריכטיקייט.

## 262) דער בעל מקנא אונ דער חמדן [וועלכער גילוסט אלעם].

דער בעל מקנא מיט דעם חמדן זיינען גיגאנגען אין וועג, האט זיך צו זיי באוויזען איין מלאך אונ האט גיזאגט צוא זיי: „איינער פון אייך זאל בעטין ביי מיר עפעס אזאך אונ וואס ער וועט בעטין וועל איך אים געבין אונ דעם חבר וועל איך געבין צוויי מאל אזוי פיל" האבין זיי ביידע זיך אנגיהויבין צו אמפערין, דער מקנא זאגט צום חמדן בעט דוא דען וויא וועל איך דאס קענען זעהן אז דוא האסט צוויי מאל אזוי פיל וויא איך, אונ דער חמדן זאגט: ניין! בעט דוא! ווייל איך וויל האבין צוויי מאל אזוי פיל,

האָבּין זיי זיך בּיידע זייער שטאַרק גיקריגט בּיז זיי האָבּין זיך אָנגיהויבּין צו שלאָגין, האָט דער חמדן גיוואָרפין דעם מקנא אויף דער ערד אונ האָט אים גינומען וועריגין, דער מקנא האָט גיזעהן אַז ער האַלט שלעכט האָט ער זיך אָנגיהויבּין צוא בּעטין בּיי דעם חמדן „לאָז מיך איין אונ איך וועל בּעטין אַפריער אונ דוא וועסט האָבּין דאָפּיל„ האָט גיזאָגט דער מקנא צוא דעם מלאך: מאַך מיר בּלינד איין אויג אונ צוא מיין חבר צוויי מאָל אַזוי פיל“ דער מלאך האָט ערפילט זיינע רייד אונ האָט אים בּלינד געמאַכט איין אויג אונ דעם חבר בּיידע אויגין. דאָס איז דיא פרוכט פון קנאה האָט זיך ארויס גענומען איין אויג נור דעם אַנדערין צוויי.

## 263) דער קאַרגער גביר.

עס איז גיוועזן אַגביר, זייער אַקאַרגער ער האָט קיין מאָל איין אָרעמאַן אַקאָפּיקע ניט גיגעבּין קיין קינדער האָט ער ניט גיהאַט, אַז עס איז גיקומען זיין צייט צו שטאַרבּין האָט ער גישיקט רופין דיא פירער פון שטאָדט זיי זאָלין קומען צוא אים, דיא מענשין האָבין זיך זייער ניפרייט, זיי האָבּן גירעכינט פאַרין טוידט וועט ער אַפּ זאָגין געלד אויף צדקה, זיי זיינען גיקומען צו אים האָט ער גיזאָגט צוא זיי: איך שטאַרבּ אונ בּיי אייך לאָז איך איבּער גאַר מיין געלט אונ איר זאָלט נעמען מיין געלט נאָך מיין טוידט אונ זאָלט אַוועק געבּין אויף פּריצענט אונ אַז עס וועט זיך קאַנצען אַיאָהר זאָלט איר צוא רעכענען דיא פּראָצענט צום קרן אונ אויף דעם צווייטען יאָהר זאָל שוין זיין פּריצענט פון דיא פּריצענט אונ אַזוי שטענדיג אַלע יאָהר„ אָבּער וואָס זאָלין מיר טאָהן דער נאָך מיט דיא געלט? האָבּין די מענטשין גיפרעגט - די געלט זאָל ליגין- האָט דער קאַרגער גיענטפערט— אונ עס זאָל זיך קלייבּין פּריצענט בּיז תחית המתים אונ דער נאָך אַז עס וועט זיין תחית המתים זאָלט איר מיר אַוועק געבּין דעם קרן מיט דיא פּריצענט עס זאָל אַקאָפּיקע ניט פעלין.

### 264) ניטאָ קיין געלט, ניטאָ קיין סחורה.

איינער איז גיפאָרין אין לאָנדאָן האָבין פיל מענשין אים גיבעטין ער זאָל דאָרטין קויפין סחורה פאַר זיי אונ יעדער האָט אים גיגעבין אַ רשימה וועלכע סחורות ער זאָל קויפין אונ געלט האָט אים קיינער ניט גיגעבין, נור איינער האָט אים גיגעבין אַ רשימה אונ געלט אויך. ער איז גיקומען צו ריק האָט ער נור גיבראַכט סחורה פאַר דעם וואָס האָט אים גיגעבין געלט, די איבעריגע מענשין זיינען גיקומען צו אים נאָך די סחורה האָט ער זיי גיזאָגט: עס האָט מיר גיטראָפין איין אומגליק פאָרינדיג אַפין שיף איז גיוועזן אַגרויסער ווינט האָט ער אַריין גיוואָרפין אַלע רשימות אַייערע אין ים האָב איך ניט גיוואוסט וועלכע סחורה צו קויפין, האָבין זיי גיפרעגט ביי אים: פאַר וואָס האָסטו אים גיבראַכט? האָט ער גיענטפערט זיין מזל איז גיוועזן וואָס זיינע געלט איז גיוועזן אין דיא רשימה איז זיא גיוועזן שווער האָט דער ווינט ניט גיקענט אַריין וואַרפין אין ים.

### 265) דער ישובניק מיט זיין יונג.

אַ ישובניק איז גיקומען צו פאָרין אין שטאָדט אויף ראש השנה; ער איז גיקומען אַביסיל פריער ער זאָל קענען זיין צו סליחות אין בהמ״ד, ער האָט אַגאַנצע נאַכט ניט גישלאָפין, אויף מאָרגין ערב ראש השנה איז ער גיגאַנגען אין מרחץ אונ האָט ניט גיהאַט קיין צייט אַגאַנצין טאָג זיך צו לייגין שלאָפין נאָך מעריב איז ער גיקומען אַהיים אונ האָט גיגעסין זייער מיט אַפעטיט, נאָכין עסין האָט ער זיך גילייגט שלאָפין אונ האָט אָפּ גישלאָפין די גאַנצע נאַכט ביז אשטיק אַפין טאָג, ער האָט זיך אויף חאַפּענדיג זיך דר זעהן עס איז האַלבער טאָג, האָט ער אַוועק גשיקט דם יונג זעהן וואו האַלט מען אין בהמד; אז דער יונג איז אַוועק גיגאַנגען אונ איז גיקומען צו ריק פרעגט דער ישובניק ביי אים נוא וואו האַלט מען? זאָגט ער מי האַלט נאָר ניט, פרעגט ער ווידער ביי אים: וואָס טוט מען איצט אין בהמ״ד? מיא טוט גאָר נישט — האָט דער יונג גיענטפערט — נור עפּעס איינער

שטייט אפין בימה אונ שרייט גילדינם גראשינם! גילדינם גראשינם!
אונ טאהן טוהט מען גאר נישט.

### 266) דער חזן.

אחזן האט גידאווינט אין אבחמ"ד מיט משוררים, צו לייענען האט זיך דער חזן אוועק גיזעצט אפין בימה אפ רוהען ער איז גיוועזן זייער פאר מאטערט, איז צוא גיגאנגען צוא אים איינער אונ זאגט „אונזערע ביטערע פרנסות" פרעגט דער חזן ביי אים: איר זייט אויך אחזן? האט יענער גיענטפערט: „איך בין אויך אבאנדער".

### 267) דער חזן.

אחזן האט גידאווינט אין שול האט ער צו די אנדערע קדושה זייער פיל גידרייט, האט זיך אפ גרופען איינער: ער מיינט ער וועט זיך אויס דרייען, אפילו אז ער וועט אכפרה ווערין וועט ער מוזין זאגין נעריצך.

### 268) גיך זיך אויס גילערינט זיין אשניידער.

איינער האט אוועק גינעבין זיין אינגיל צוא אשניידער ער זאל אים אויס לערנען פאר אשניידער, דער אינגיל איז ביי אים גיוועזן אהאלבין טאג אונ איז גיקומען צוא ריק, פרעגט דער פאטער ביי אים וואס ביסטו גיקומען צוא ריק דוא האסט שוין חרטה? ניין! — האט גיענטפערט דער אינגיל — נור איך קען שוין, וואס הייסט דוא קענסט שוין? — האט דער פאטער ביי אים גיפרעגט — פאר שטייסטו — האט ער גיענטפערט אשניידער דארף קענען 3 זאכין טרינקען בראנפין אונ גנבענען אונ נייען, נוא איז טרינקען בראנפין אונ גנבענען האב איך זיך שוין אויס גילערינט, אוי וואס נייען? דאס וועל איך זיך שפעטער דער לערנען.

### 269) דער גישטארבענער פרוש.

איינער אגביר האט גיהאלטין ביי זיך אין קלויז פרושים, ער האט זיי גינעבין עסין אונ טרינקען, ויגע קעקס איז זיי ניט גיפעלין

גיוועז , האבין זיי גיקלערט וויא מאכט מען מי זאל זיי געבין בעסערע קעסט זיי האבין גיפונען אפלאן : איינער זאל פאלין אויף דער ערד אונ זיך מאכין גישטארבין וועט דאך ווערין איין גילאף דער גביר וועט אויך אריין גיין וועט מען אים זאגין אז ער איז גישטארבין פון הונגער. זיי האבין אזוי גיטאהן, מיא איז אן גילאפין זעהן דעם אומגליק דער גביר איז אויך גיקומען, ער פרעגט וואס קען דאס זיין דיא סיבה? דיא פרושים האבין גיזאגט וואס איז דער חדוש, אז מיא גיט ניט עסין , צו גיט מען וועך ארעבטע זאך, צו גיט מען וועך אשטיקיל פיש, זופ נוטע ; דער גישטארבענער האט האלט גיהאט קרוים האט ער אנישריי גיטאהן „אונ קרויט" !

## 270) דער גייט אמאלק.

פאר וואס וויינסטו יעקיל ?

וואס הייסט פר וואס איך וויין ? מען האט מיר געשלאגן ווייך איך.

וויא אזוי האט מען דיך געשלאגען ?

ער פרעגט נאך ווי אזוי ? מען האט מיך געשלאגן סכנות נפשות.

פאר וואס האט מען דיך געשלאגען ?

וואס הייסט פאר וואס ? פאר דיא זייטין !

גיט דאס מיין איך , איך פרעג דיך איבער וואס האט מען דיך געשלאגען.

וואס הייסט איבער וואס ? איבער וואס מען האט גיטראפין ! איבער דעם קאפ , איבער דעם רוקין , איבער דיא מארדע.

אך דוא פערשטייסט מיך נישט , איך פרעג וואס האסטו גיטאן אז מען האט דיך געשלאגען ?

וואס האב איך געטאן פרעגסטו ? איך האב געשריען !...

# בעוואוסט צוא מאכען!

דיעזע אלע קליינע און גרויסע געשיכטען איזט יעצט ארויס פון דרוק און עס איז ביי מיר צוא בעקאמען לויט אדרעססע.

1) דער יודישער מזשיק הגדול.
2) ליטעראטור און לעבין.
3) דער קאטארזניק.
4) דער פרומער מערדער.
5) דער זאהן אלס שדכן.
6) דר גליקליכר פאסטוך.
7) דיא אשת איש.
8) אמעריקאנער שידים.
9) דיא שיינע ניימארין.
10) געטרייער חתן.
11) דיא שיינע ליעזע.
12) גאלדיצקע דיא מלווהטע.
13) פערפרוירען גיווארן.
14) בילדער פון א פראווינץ רייזע.
15) איבער פראפעסיאנן.
16) צעהן יודישע פאלקס ליעדער, א. צונזער.
17) סיפורי ירושלים ע"ט.
18) האצמאחס קרעמיל.
19) עלעניא לעוואנדרא.
20) מצב ירושלים עם בנין אריאל ע"ט מיט שעהנע ריסונקעס פון בית המקדש.
21) ליפאלד דער יודישער מיניסטר.
22) מעשיות פון דער באבען.
23) איפערזיכטיגע פרוי.
24) הגורלות מר' סעדיה גאון.
25) אנעקדאטען בוך.
26) מאטקע חבד.
27) וועלטליכע בייכה.
28) באסני קרילאוו ב"ח.
29) נייער טרימפטער טרעפער.
30) אמת'ע מענשן ליבע.
31) צוריק געקומענע ליבע.
32) אמאמע פון יענער וועלט.
33) דער נייער זינגער.
34) הערשעלע עסטערפאלער אין 2 טהייל.
35) בת מלכה.
36) בן מלך.
37) צענטוריע וועגטוריע.
38) דאס געגנבטע קינד.
39) דאס ווידין קינד.
40) דיא נארישע כלה.
41) ר' יוסף לאקש.
42) צוויי מזל טובים.
43) געמאכטע די פליטה.
44) דער קלוגער סלעדראחאטעל.
45) הגדה יעקונע.
46) בבא מעשה.
47) דער קלוגער נאר.
48) שימכע פלאכטע.
49) ויברח יעקב.
50) דר ווייבער פרעסער אדער די בלאע בארד.
51) דברי קדושים.
52) של"ה הקדוש.
53) דילה ריינה.
54) החיים.
55) רפאל תם.
56) מהרשא"ה.
57) גדולת משה ונשיקות משה.
58) מפענח נעלמים.
59) גור אריה.
60) שני קצבים.
61) מקדש מלך.
62) דאס קאראימישע מערבען.

האדרעססע: Исаака Функа Вильна. Обжерный пер. д. Гурлянда.

# נייעס! נייעס!

אין גיכען וועט ארויס פון דרוק:

1) העלימער נאראנים, אלע חכמות פון העלימשע נאראנים.

2) איין צווייטער טהייל „אנעקדאטען בוך.

3) איין צווייטער טהייל „מאטקע חבד".



